# מאקסים גארקי

## ערציילונגען

מיט זיין בילד און לעבענס־בעשרייבונג.



איבערזעצט אוים דעם רוססישען

— פון —

ח. אלעקסאנדראוו.





די אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק פאבלישינג קאמפאני,
23 דואיין סט., ניו יארק.

# אינהאַלטס-פערצייכנונג:

זייטע.





# צו דיא לעזער.

מיט דעם ביכעל „ע ר צ י י ל ו נ ג ע ן פ ו ן מ א ק ס י ם ג אָ ר ק י" פאַנגען מיר אָן ארויסצוגעבען בעלעטריסטישע ווערק (ראָמאַנען, ערציילונגען, געדיכטע). מיר וועלען זעהן צו געבען דאָס שענסטע און בעסטע סיי אין זשארגאָן סיי אין דער ליטעראַטור פון דיא אומות העולם. מיר וועלען ניט נאָכפאָלגען דעם ביישפּיעל פון דיא איבעריגע אַמעריקאַנישע ארויסגעבער, וועלכע האָבען פערפלייצט דעם היגען מארק מיט שונד און פערקריפּעלטע איבערזעצונגען פון דיא וועלט־בעוואוסטע שרייבער. מיר וועלען ניט שפּאָרען קיין מיה און קיין מיטלען צו בעפריעדיגען דעם גרויסען בעדאַרף אין גוטער ליטעראַטור, וואָס עקזיסטירט אין דער אידישער מאַסע און שטייגט פון טאָג צו טאָג.

ד י א א ר ו י ס ג ע ב ע ר.

# מאַקסים גאָרקי.

(קורצע לעבענס־בעשרייבונג).

דער אמת'ער נאָמען פון בעריהמטען רוסישען שרייבער איז פ י ע ש ק אָ ו. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ניזשני נאָווגאָראָד אין אן אָרעמער פאמיליע, אין 1869. ווען ער איז נאָך געווען גאָר א קינד איז ער געבליעבען א יתום—אָהן א טאטען און א מאמען. גוטע מענשען האָבען איהם אָבגעגעבען אין דער לעהרע צו א שוסטער. דער הונגערן און דיא קלעפּ אי פון בעל־הבית אי פון דיא שיכורים —דיא פועלים האָבען איהם גיך דערעסען און ער איז אנטלאָפען צו אנאנדער בעל־מלאכה, וועלכער האָט איהם בעהאנדעלט ניט בעסער פון דעם ערשטען. מיט דעם צווייטען בעל־טובה האָט ער אויך גיך אבגעשלאָגען כפּרות, און איז אָנגעקומען צו א מאלער פון איקאָנעס (היילינע בילדער). ער איז אָבער ניט לאנג אָבגעוועזען ביי דער נייער מלאכה; מן הסתם האָט ער דאָ אויך קיין האָניג ניט געלעקט. ער איז אוועק פון מאלער און געוואָרען א בעהעלפער אין קיך אויף א קליינעם דאמפּפשיף, וואָס האָט געמאכט נסיעות אויף דער וואָלגא. פון שיף איז ער אריבער ארבייטען אין א גאָרטען, וואו ער איז געוואָרען ארויסגעצויגען; ער האָט געטהאָן כל עבודת פּרך און געקראָגען קלעגליכע שכירות. ער איז דאמאָלט אלט געווען א יאָהר 15 און האָט קאם געקענט לייענען און שרייבען.

זיין ערשטער רבי איז געווען דער קובער פון שיף, וואו ער האָט געאַרבייט פאַר אַ בעהעלפער. דער קובער האָט האַלט געהאַט צו לייענען און האָט בעקאַנט געמאַכט זיין בעהעלפער מיט די ווערק פון גאָגאָל, גליעב אוספּענסקי און אַנדערע גרויסע רוסישע שרייבער. אַ נייע וועלט האָט זיך געעפענט פאַר די אויגען פון אָרעמען פערוואָגעלטען יתום, און עס האָט זיך איהם פערוואָלט צו לערנען. ער איז אַוועק אין קאַזאַן. אָבער דאָרטען האָט ער זיך דער־וואוסט באַלד נאָך זיין קומען, אַז פאַר די פּירות פון עץ הדעת דאַרף מען בעצאַהלען מיט מזומנים. ער האָט ניט געהאַט ביי דער נשמה אפילו קיין פערשימעלטע מטבעה אויך ניט—און פון לערנען איז שוין קיין רייד ניט געווען. ער איז אָנגעקומען אין אַ בעקעריי, וואו ער האָט געקנאָטען דיא טייג און געבאַקט בייגעל פאַר 3 רובעל אַ חודש, און געאַרבייט האָט ער פון 16 ביז 18 שעה אַ טאָג. ער האָט לאַנג ניט געקאָנט אויסהאַלטען אַזאַ פינסטערען לעבען. ער האָט געטרוימט פון דער פרייער לופט און איז געוואָרען אַ „באָסיאַק“. מיר טרעפען איהם אין דיא סטעפּען פון נאָוואָראָסיאַ, אין דעם האַפען פון אָדעס, וואו ער שלעפּט זעק, ביי דער אַרבייט אין מיהלען, אויף אייזענבאַהנען, אויף פעלדער, אין דיא שמוציגע קוואַרטאַלען פון גרויסע שטעדט, וואו ער האַנדעלט מיט קוואַס און עפּעל א. ד. ג.

אָבער דיא גאַנצע צייט פון זיין גלות הערט ער ניט אויף צו לייענען און צו לערנען זיך. ניט איין מאָל איז ער געווען נאָהענט צו זעלבסט־מאָרד, און נאָר זיין שטאַרקער ווילען האָט איהם אָבגע־האַלטען פון אַ האַנדלונג, וואָס וואָלט צוגענומען פון דער וועלט איינעם פון דיא גרעסטע קינסטלער.

זיין ערשטע ערציילונג, וואָס האָט דערזעהען דיא וועלט, איז געווען „מאַקאַר טשודראַ“. זיא איז געווען אָבגעדרוקט אין 1892, און פון יענער צייט אָן האָט ער אָנגעשריעבען העכער פון 30 ערציילונגען, צוויי גרויסע ראָמאַנען: „פאָמאַ גאָרדיעיעוו“ און דיא „דריי חברים“ און צוויי דראַמען: „דיא קליינבירגער“ (מיעשטשאַנע) און „אויפ׳ן דעק“.

ח. אל.

# דער פּאָגראָם*)

---

דיא מעשה האט פּאַסירט מיט א יאָהר 15 צוריק. איך האב דעמאָלט געלעבט אין א שטאָדט אויף דער וואָלגא.

עס איז געווען אַ הייסער טאָג אין יוני. פון אין דער פריה אָן האָב איך פערבראַכט אונטען ביים טייך. איך האָב געהאַט אויסצו-שמירען מיט זעגעכץ אַ פּלאַכעס שיפעל, און עס איז שוין געווען אַרום מיטאָג צייט, ווען ערגיץ אין דער פאָרשטאָדט, הינטער מיר, האָט זיך מיט אַ מאָל אויפגעהויבען אַ דערשטיקטער בייזער ליאַרעם, וואָס מען האט געקענט אננעהמען פון ווייטען פאַר א געשריי פון הונגעריגע אָקסען. איך בין אליין אויך געווען הונגעריג, כ'האָב גע-וואָלט וואס גיכער ענדיגען מיין ארבייט און תחילת האב איך זיך ווייניג געקימערט מיט דעם ווייטען געפּילדער, אָבער דאָך האָט ער געוואַקסען מיט יעדער סעקונדע, זיך אויסברייטענדיג אזוי וויא א רויך, בעת עס ברעכט אויס אַ שרפה.

אין דער הייסער לופט איבער דער פאָרשטאָדט איז געשטאַ-נען אַ וואָלקען פון שטויב. איך האב זיך איינגעקוקט אין יענע זייט,

---

*) גאָרקי'ס ערצעהלונג איז ערשיענען אין דעם בוך, וואָס רוססישע שרייבער און געלעהרטע האבען ארויסגעלאָזען צום גונסטען פון דער הונגער-ליידענדער אידישער בעפעלקערונג אין זיד־רוסלאַנד. גאָרקי בעשרייבט איין אמת'ען פאַקט, דעם פּאָגראָם, וואָס האָט פּאַסירט אין ניזשני נאָווגאָראָד אין 1884. דער אמת'ער נאָמען פון געהרג'עטען פּאָדריאדטשיק זעלמאן פון דער ערצעהלונג איז געווען דייטשעלמאן.

און עס האָט זיך מיר געגומען דוכטען, אַז דיא לופט האָבען אָנגע־פילט צוזאַמען מיט׳ן שטויב, וואָס האָט זיך געהויבען פון דער ערד־אויף פערשיעדענע קולות און דיא קולות האָבען זיך געטראָגען פון הונדערטע מיילער, דער שטויב איז געוואָרען וואס אַ מינוט געדיכ־טער, דיא פערשיעדענע קולות אַלין העכער, דיא ערד האט געצי־טערט, אין דער זעלבער צייט האט אויך געגומען ציטערען מיין האַרץ, און איך האָב געפיהלט, אז עס רוקט זיך אָן עפּעס אַ שרעק־אַן אונגליק....

איך האב אוועקגעוואָרפען מיין אַרבייט, ארויפגעקלעטערט אויפ׳ן זאַמדיגען ברעג און זיך ארומגעקוקט: פון אַלע הייזער פון דיא טהירען און טהויערן האבען געשפרונגען מענשען און זיינען געלאָפען איבער דער גאַס, ערגעץ ווייטער אין מיטען פאַרשטאָרט; הינד און קינדער זיינען מיטגעלאָפען; בעאונרוהיגטע טויבען האבען זיך געטראָ־גען איבער דיא קעפּ; היהנער האבען זיך געדרעהט אונטער דיא פיס. דיא אַלגעמיינע אויפרעגונג האט מיך אויך פערכאַפּט און איך בין מיטגעלאָפען.

„אויף דער יעליזאוועטינסקאיא איז א פּאָגראָם!״ האָט אימי־צער א געשריי געטהאָן.

גלייך אַנטקעגען דער לויפענדער מאַסע איבער דער ניט־ברוקירטער גאַס איז געפלויגען אַ לאָמאָוואָי איזוואָשטשיק שלאָגענדיג מיט רשעת מיט דער לאַנגער לייצע זיין פערד און האט געברומט וויא אַ לייב מיט אַלע זיינע כחות:

„אונזערע קריעגען קלעפּ!.... איידא, פּעק־טרעגער!

איך האב זיך פערקירעוועט אין אַ שמאָלען זאַוואולאָק און בין געבליבען שטעהן.

דער זאַוואולאָק איז געווען שרעקליך געפּאַקט מיט מענשען. פאַר אונז, עפּיס ערגיץ ווייט, האט זיך געטראָגען א ווילדער גע־שריי פון מענשליכע קולות. מען האָט געקאָנט הערען, וויא עס קלינגען צוקלאַפּטע שויבען, וויא עפּיס פאַלט איין מיט א געוואַלדיגען גערויש, וויא שווערע קלעפּ האקען דיא לופט; איינצעלנע קולות האבען זיך וויא וואָלקענס צוזאַמענגעגאָסען אין איינעם.

„דאס הרג׳עט מען דיא אידען״, האט געזאגט מיט א צופריע־דענעם טאָן אַן אַלטער מאַן, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן גאנץ ריין און אַנ״יטענדיג; ער האט געריבען זיינע קליינע מיט קנייטשען דורכגעגעסענע הענד; „זיי האָבען דאָס כּיֹשר פערדיענט״.

איך האב זיך דורכגעשלאָגען פאָראויס, נעהנטער צום ליארעם, וועלכער האט מיך געצויגען צו זיך מיט א מאָדנער קראַפט און האט מיר אויפגערעגט דיא נערוועז. און ניט נאָר מיך אליין האט ער צו זיך געצויגען, דער ישוידערליכער ליארעם; ער האט אין זיך אריינגעצויגען אלעמען אַזוי וויא אַ זומפּ.

דיא פּנים׳ער, וואָס איך האָב פאָר זיך דערזעהען, האָבען אלע געטראָגען אויף זיך דעם אויסדרוק פון אַ טיעפען זינלאָזען האַס; דיא אויגען האבען ביי אלעמען געבליסט׳עט אזוי מישונה׳דיג ווילד און זיטעדנע; דיא ישווערע געדיכטע מאַסע האט זיך געטראָגען פאָר־אויס און איז געווען קאַפּאַבל צו פע־ניכטען אלץ ארום זיך; יעדער איינציגער איז געווען קאַפּאַבל אומצואוואַרפען דעם פאָדערשטען, איהם צו טרעטען אונטער דיא פיס, דערשטיקען און דערווערגען.

איך בין אריינגעלאָפען אין א הויף, פון דאָרטען בין איך אריבערגעשפּרונגען איבער׳ן פלאנקען אין אַן אנדער הויף, פון דאַנען נאָך אין צוויי הויפען, — און איך בין ווידער געווען אין א געדיכטער מאַסע מענשען. זיי האָבען אָנגעפאַקט דעם איינגען פער־בויטען הויף פון אַ גרויסען שטיינערנעם הויז, און דיא ערד האט ביי זיי פּשוט געציטערט אונטער דיא פיס. פעררייסען דיא קעפּ האַ־בען זיי עפּעס געברומט אזוי וויא דער טייוועל וואָלט אין זיי אריין. דיא פּנים׳ער זיינען געווען רויט, צווישען דיא אָפענע ליפּען האבען געבליישצעט דיא ציינער, דיא הענד האָבען זיי געוואָרפען אין אלע זייטען, האָבען זיך געשטופּט פאָראויס, געשטויסען, געקלעטערט אויף דיא דעכער פון דיא ניעדריגע הייזער אין דיא געהעפטען, ארונטער־געפאלען און ווייטער געקלעטערט. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס יעדער איינציגער האָט זיך, דוכט זיך, געשטויסען אין אַ בעזונדערע זייט, האָבען אלע דאָך געהאט עפּעס א כּלל־געפיהל; דער מעניש

איז געוואָרען אן אבר פון איין איינציגען אונגעהויערען קערפער, וואָס האָט געלעבט מיט דער זעלבינער געוואלדיגער קראַפט.

אויפ׳ן דאך פון הויז, ביי דעם קוימען, הויך איבער דער גע־דיכטער מאַסע מענשען, וואָס דער האס האָט צוזאמענגעשמאָרצען אין איין חיה, איז געשטאַנען א הויכוויקסיגער דאַרער איד. ער האָט געריסען מיט דיא פינגער דיא ציגעל פון קוימען און האָט זיי איינס נאָכ׳ן אַנדערען געשליידערט אונטען; ער האָט דערביי געשריען אונ־פערשטענדליכע ווערטער מיט א שאַרפער שטימע, וואָס האָט גע־קלונגען וויא דיא שטימע פון דער ווילדער מאַסע אונטען. זיין לאַנגע גראָע באָרד האָט זיך געשאָקעלט, זיינע ווייסע הויזען זיינען געווען בעדעקט מיט רויטע פלעקען.

צו איהם אויבען האָבען זיך געטראָגען שרעקליכע בייזע גע־שרייען:

„שיסט איהם ארונטער פון דאָרטען!

„גיט אהער א ביקס! וואַרפט אויף איהם שטיינער!

„קלעטערט צו איהם אַרויף!

אין שטוב דורך דיא פענסטער האָבען זיך געזעהען דונקעלע פיגורען. דאָס זיינען געווען דיא פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבען צוטראַסקעט דיא ראַהמען און געוואָרפען פון אינעווייניג אין הויף אַלערהאַנד זאַכען.

א בחור׳ל מיט געגרייזעלטע האָר און א ברייטען מויל האָט צוגעשלעפּט צום פענסטער אַ שפּיגעל, איהם אויפגעהויבען אין דער הויך און א געשריי געטהאָן:

„איידאַ, היט זיך!“

דער שפּיגעל האָט א בלישצע געגעבען אין דעם שיין פון דער זון און איז געפאַלען אויף דר׳ערד. דער בחור׳ל האָט זיך אַריבערגע־בויגען דורכ׳ן פענסטער און האָט איהם בעגלייט מיט דיא אויגען. זיין ברייטער פּנים האָט געטראָגען איין ערנסטען, פערזאָרגטען אויס־דרוק, אָבער אָהן דעם מינדעסטען סליאַד פון רשעת. ביי א צווייטען פענסטער האָט זיך בעוויזען א יונג מיט א שוואַרצען באָרד, מיט

אַ קיסען אין האנד. איין ריס—און אַ געדיכטער ווייסער וואָלקען פון פעדערן האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען.

„עס שנעעט, ברידער, זעהט, אז איהר זאָלט ניט אָבפריהרען דיא נעזער!" האָט אַ געשריי געטהאָן דער יאָלד, ווען דיא פעדערען זיינען געפאַלען אויף דיא קעפּ.

אויפ'ן הויף האָבען זיך דערהערט קולות.

— אַהער! איינער האָט געפונען אין אַ טון אידיישע קינדער.

— הרג'עט זיי אַוועק!

— מיט דיא שאַרבענס אָן וואַנד!

— העי, דוא, אַלטער זשיד! געה־זשע אַרונטער! מען האָט געפונען דיינע אייניקלעך!

— קריך אַרונטער פון דאַך, אויב ניט דערשלאָגען מיר דיינע ממזרים!

אין דער לופט האט זיך דורכגעטראָגען אַ קינדערשער געשריי—דאָס איז געווען אַ שרעקליכער קול, וואָס האָט דורכגעשניטען דעם פערשטיקטען ליאַרעם פון דער מאַסע, אזוי וויא אַ בליץ שניידט דורך דיא וואָלקענס. און דער ליאַרעם איז געוואָרען אַ ביסעל שוואַכער.

— ריהרט זיי ניט אָן! האָט אימיצער אַ געשריי געטהאָן.

— לאָזט דיא קינדער צורוה!

— שלאָגען דאַרף מען דיא עלטערע!

עס האָט זיך ווידער דערהערט אַ קינדערשער קול'בעל, דין און שאַרף, וואָס האָט אַ שניט געטהאָן אין הארצען און האָט בעטויבט מעהר וויא אַלע אַנדערע קולות צוזאַמען.

— זיך צושלאָגען דעם קאָפּ?

— ניין, צודריקט דיא פיס!

— דאָס איז אַ ביסעל איין אַלטער שד!

— אַנטיפּ, קום אַרויף אויבען — אַרונטערוואַרפען דעם אַלטען זשיד!

צוויי פּעק־טרעגער, אמת'ע גבורים האָבען זיך דורכגעשטופּט דורך דיא מאַסע און האָבען גענומען קלעטערן אויפ'ן דאַך.

אין א פענסטער האָט זיך ווידער בעוויזען דער בחור'ל מיט דיא רויטע באַקען און ערנסטען געזיכט. ער האָט זיך געמאַטערט ארויסצושטופען דורכ'ן פענסטער און אַלמער אָדער אַ קאַסטען און האָט א געשריי געטהאָן צו דיא מענ'טען אונטען אין הויף:

— קינדער, כאַפּט, ס'איז געפּעס!

דער קאַסטען האָט אָבער ניט געקאָנט דורכגעהען דורכ'ן פענסטער. דער בחור'ל האָט איהם אָבגעשלעפּט צוריק, איז אויף איין רגע פערשוואונדען געוואָרען, האָט זיך ווידער בעוויזען אין פענסטער און א געשריי געטהאָן, אויסציהענדיג דיא ווערטער:

— היי־יי־יי־ט — זי־יי־יי־ך!

אונטען איז ארונטערגעפאַלען מיט א בראַזג א הויפען טעלער, דערנאָך איז אַראָבגעפלויגען אַ בלאַנק־געפוצטער סאַמאָוואר. דיא מענשען אין הויף זיינען אָבגעשפּרונגען אָן א זייט, פערשטעלט דעם קאָפּ מיט דיא הענד און זיך געקייקעלט פון געלעכטער. א דיקער פויערל מיט רויטע האָר האָט אויפגעהויבען דעם סאַמאָוואר, האָט איהם אַ וואָרף געטהאָן אין דער הויף און דערנאָך ווידער אויף דר'ערד און האָט איהם אָנגעהויבען צו טרעטען מיט דיא פיס. אויפ'ן דאַך האָט זיך דערהערט א שרעקליכער געשריי... אַלע האָבען א קוק געטהאָן אויבען. דאָס בלעך פון דאַך האָט געבראַזגעט. אימיצען האָט מען פון דאָרטען געריסען מיט אַלע כחות. עטליכע סעקונדען איז דער מענש געהאַנגען אין דער לופטען, ציטערנדיג מיט אַלע אברים, דערנאָך האָט ער זיך אָבגעריסען און איז מיט א געשריי אראָבגע־פלויגען אונטען. עס האָט זיך דערהערט א העסליכער, ווייכער קלאַנג....

איך בין ארויסגעלאָפען פון הויף און הינטער מיר האָט גע־הילכט א ברומעריי מיט נצחון:

— אה — אה — אה!....

— אהא... אַה!... דאָ האָבען מיר איהם געפּאַקט!

אין גאַס האָט מען געבראַכען טישען און שטוהלען, געהאַקט קאַסטענס, מיט געלעכטער און לצנות געריסען בגדים. ארום האָבען זיך געטראָגען פעדערן, פו דיא פענסטער פון צוויי הייזער זיינען

נעפלוינען קיסענס, קערב, שטיקלעך מעבעל· דיא מאסע איז פער־
כאפט געווארען פון ווילדען צושטערונגס־גייסט, און זיא האט גע־
כאפט דיא זאכען, געריסען זיי, געבראכען אויף דער העלפט,
געטראטען אונטער דיא פיס.... צוויי פרויען, בעדעקט מיט טייכען
שוויס, רויט וויא אינדיקעס, האבען זיך פעסט איינגעריסען מיט
דיא הענד אין א קאסטען און איהם געשלעפט יעדערע צו זיך. פוך
און פעדערען זיינען זיי נעפלוינען ארום דיא קעפ. דיא פרויען האבען
עפעס געשריען איינע דער צווייטער אין פנים אריין, אבער וואס —
האט מען ניט געקאנט הערען; דיא קולות זיינען פערשטיקט
געווארען דורכ'ן קראך פון האלץ, דורך דעם ווילדען גערויש פון דער
מאסע און דער עיקר דורך דעם העסליכען געשריי, וואס האט זיך
געטראגען פון דיא פענסטער פון הויז.

א פויער, הויך און שטארק וויא א גבור, איז פערביינגעגאנגען
לעבען מיר, אין א צוריסענער העמד און אהן א היטעל, דיא האר
זיינען געווען ביי איהם צואווארפען און איבער'ן שמוציגען געזיכט האט
גערונען בלוט, וואס איז געווען דיק און כמעט שווארץ. ער האט
געמאכט מיט דיא הענד, און א תמ'עוואטער שמייכעל איז געלעגען
אויף זיינע ליפען. ער האט זיך פלוצלונג אנגעשטויסען אן א פאנאר.
ער האט איהם תיכף ארומגעכאפט מיטביידע הענד, זיך אנגע־
שפארט אן איהם מיט זיין ברייטער ברוסט, און גענומען איהם
טרייסלען. דער פאנאר האט זיך אנגעהויבען צו שאקלען און איז
איינגעפאלען. „אט אזוי", האט א געשריי געטהאן א צווייטער פויער,
איז צוגעלאפען, האט געכאפט דעם פאנאר און איז געפאלען מיט
איהם צוזאמען.

מיט א מאל האט זיך בעוויעזען אין דער מאסע, וויא א טויב
אין א וואלקען פון רויך, א מיידעל אין צעריסענע קליידער, מיט
פונאנדערגעלאזענע האר. זיא איז געלאפען מיט איין איינגעבויגענעם
קאפ, דאס געזיכט בלאס וויא שנעע, דיא אויגען ברייט אויפגעריסען.

„הרג'עט זיא אוועק, דיא זשידאווקא!" האט געברומט א שטי־
מע, און דאס מיידעל איז פערשוואונדען געווארען אין דער לעבענ־
דיגער מאסע, וויא א צוקערקע אונטער פליגען. איבער איהר איז

באלד געוואָרען אַ מישמאַש פון מענשליכע קערפער; מען האָט גע־קאָנט זעהן אויפגעהויבענע קולאַקעס; דיא לופט האָט זיך אָנגעפילט מיט אַ מאָדנעם תאוה'דיגען קרעכצען, מיט גראָבע ווערטער, שימ־פפערייען, פייפעריי, מיט'ן קלאַנג פון שטאַרקע קלעפּ, — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט אין איין ווילדען, רשעות'דיגען קול פון נצחון...

„פלאַין! זעלמאַן קומט צופאָהרען!“ האָט זיך דערהערט אין דער מינוט פון אַ רעדעל מענשען, וועלכע האָבען עפּעס געשלעפּט איבער דיא שטיינער. דאָס „עפּעס“ איז געווען אַ מענש אָדער דער קערפּער פון אַ מענשען, אַ האַלב נאַקעטער, מאָגערער קערפּער, צו־קוועטשט, צוריסען, פון קאָפּ ביז דיא פיס בעדעקט מיט בלוט און שמוץ. צו זעלמאַנ'ס פוס איז געווען צוגעבונדען אַ שטריק, מיט וועלכען מען האָט איהם געשלעפּט איבער דיא שטיינער פון גאַס, און אַ ברייטער פּאַס בלוט האָט בעצייכענט דעם וועג. צווישען דיא פּלייצעס האָט זיך געשלעפּט אַ שטיק פּלייש, צוזעצט, בעגאָסען מיט בלוט, און צוזאַמען מיט דיא לאַנגע, מאָגערע הענד האָט זיך דאָס געשלאָגען אָן דיא שטיינער....

אַ גאַס יונג איז צוגעלאָפען און ארויפגעשפּרונגען אויפ'ן קער־פּער. זיינע פיס זיינען איינגעזונקען געוואָרען אין דיא ווייכע שטיקער פלייש, ער האָט פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט און איז געפאַלען. אַלע האָבען אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער. זעלמאַן איז געווען אַ רייכער פּאָדריאַדטשיק. איך האָב איהם אָפט געזעהען פאַר זיין לעבען. אָבער דאָס, וואָס האָט זיך יעצט געשלעפּט פאַר מיינע אויגען אין גאַס האָט ניט געהאַט קיין שום עהנליכקייט ניט מיט איהם און ניט איבערהויפּט מיט אַ מענשען.

גאַנץ פערהילכט דורך דעם, וואָס איז פאַר מיר פאָרגעקומען, שיער דערשטיקט פון שטויב, האָב איך זיך געשלעפּט נאָך דער מאַסע, וויא אַ שפּענדעל שלעפּט זיך אויף אַ טייך נאָכ'ן שטראָם וואַסער, און אַלץ, וואָס איך האָב געזעהען, איז מיר פאָרגעקומען וויא אַ שרעקליכער חלום. דאָרטען, אויף אַ ניעדעריגען רינשטאָק וואָס געהט פון דאַך, איז געבליעבען הייגנען אַ ווייסער אונטעררעקל; ער שוועבט הויך אין דער לופטען, און איינע אָן אַלטינקע שטעלט זיך

אויף דיא שפּיץ פינגער און שטרעקט אויס דיא דאַרע ברוינע האַנד און וויל איהם כאַפּען. א בעוואַקסענער פּעק־טרעגער סטאַרעוועט זיך ארויפצושפּאַרען אַ סאַמעטענע היטעל אויף זיין ברייטען קאָפּ. גאַסען־קינדער לויפען נאָך דיא עלטערע, קלייבען שטיקלעך פון דיא צובראָכענע שפּיעגלען, און איינער פון זיי כאַפּט שפּרינגענדיג דיא פעדערן, וואָס פליהען אַרום אין דער לופטען.

עס קומט צולויפען אַ פּאָליציסט; ער כאַפּט אַרויס דעם שווערד פון שייד, אָבער מען לאַכט איהם אויס, און פון הינטע־רעי זיך געשרייען:

„האַלט איהם!"

„לאָזט איהם ניט דורכגעהן!"

איינער וואַרפט איהם אונטער דיא פיס אַ צובראָכענעם קעסטעל, און דער פּאָליציסט פאַלט איבער איהם. אַ הויכער גע־לעכטער שיסט אויס אין דער מאַסע.

איך טהו אַ קוק אויף דר'ערד; ביי מיינע פיס ליעגט אַ שטיק פערבלוטיגטע הויט בעדעקט מיט האָר...

„אהער, אהער, איהר מענשען!"

דער געשריי קומט פון הויף. דיא מאַסע שטופּט זיך אַהין אריין דורכ'ן טויער. עס טראָגט זיך אַ ברומעריי, הוזשעריי, פייפעריי — אַ ריכטיגער גיהנם.

„שלאָגט זיא! שלאָ־אָ־אָגט זיא!" שרייט מען.

אין הויז, אינוועניג, אויפ'ן צווייטען גאָרן, פּויקט איינער מיט אַ ברעכשטאַנג, זיך סטאַרעוועגדיג דורכצומויערען דיא וואַנד צווישען צוויי פענסטער. שטיקלעך קאַלך און ציעגעל ברעקלען זיך און פאַלען ארונטער, נאָך זיי ציעהט זיך אַ ווייסער וואָלקען שטויב. פון אַ פענ־סטער פליהט אַ טאַין, דרעהט זיך אום אין דער לופטען און פאַלט אויפ'ן קאָפּ אַ דיקער פרוי. דיא פרוי בויגט זיך איין אין צווייען, ארויסלאָזענדיג אַ הילכעדיגען קוויטש.

„קאָזאַקען!"

„לויפט, ברידער!"

„קאָזאַקען קומען!"

אויפ׳ן עק גאַס בעוויזען זיך קעפּ פון פערד, בלויע קאָזאַצקע היטלעך, קאַזאַצקע נאַגאַיקעס, און אַ הויכע הילכעדיגע שטימע קאמאנדירט:

"דריי אין א רייהע—ביעגאָם מאַרש!"

א הויפען ציגעל פאַלט אויפ׳ן טראָטואר. דיא וואַנד צווישען דיא צוויי פענסטער איז דורכגעבראָכען, און באַלד נאָכדעם רוקט זיך דורך פּאמעלאַך דורך דיא פאָרמלאָזע לאָך אין וואַנד א גרויסער אַלמער ער שאָקעלט זיך, קריכט אזוי וויא נעגען זיין איינענעם ווילען, האַקט זיך אָב ביי א קארניז, דרעהט זיך אום און פאַלט אַרונטער אויף דיא שטיינער מיט א גוואַלדיגען קראַך. דיא לופט ווערט אָנגעפילט מיט א ווילדען געררויש, וואָס האַלט אָן אַ לאַנגע צייט, און עס דוכט זיך, אז א שטראָם טראָגט זיך אונטער דער ערד, בעדעקט מיט שוים, אין א ווילדען גרימצאָרן, זיך רייסענדיג פון זיין געלעגער אויבען אַרויף, דרויסען...

דיא מאַסע לויפט אונטער דיא קלעפּ פון דיא נאַגאַיקעס און פון דיא פיס פון דיא פערד. זיא לויפט וויא אַ סטאַדע שעפסען, נאַריש, בלינד. מען קען זיך לייכט בעהאַלטען אין דיא הויפען, אַריבערשפּרינגען פּאַרקענס, דאָך לויפען זייא אַלע פאזע דיא גאַס, אונטערשטעלענדיג זייערע קעפּ, רוקענס און פּלייצעס אונטער דיא שאַרפע קלעפּ. א קרעפטיגער פאַק־טרעגער מיט א געגרייזעלטען קאָפּ קעהרט זיך פלוצלונג אום, גיט א פערד אַ גוואַלדיגען טראַסק אין מאָרדע, און ווערט פערשוואונדען אין דער געדיכטער מאַסע קאָזאַקען. און אויפ׳ן פלאַץ, וואו ער איז פערשוואונדען געוואָרען, זשוזשען אָהן אַ אויפהער דיא קאָזאַצקע נאָגאַיקעס. דיא קאָזאַקען רייטען ווייטער, א פערד ביי אַ פערד, וויא א פעסטע וואַנד, און דיא מענשען אין גאַס לויפען וויא משוגעים, שטופענדיג און שטויסענדיג איינער דעם צווייטען.

"וואַרפט שטיינער אויף דיא קאָזאַקען!"

פאַר דיא קאַפּיטעס פון א פערד וואַרפט זיך א פרוי, האַלב נאַקעט, בעגאָסען מיט בלוט. זיא איז ערשינען גאַנץ פלוצלונג, אזוי וויא זיא וואָלט ארויס פון דער ערד; מיט א שוידערליכען געוויין כאַפּט זיא אָן דעם פוס פון פאָדערשטען קאָזאַק.

„לויפט ! לוי־י־י־י־פט !"

„שטעהט !"

„שלאָגט דיא קאָזאקען !"

דיא מאַסע שרייט עס אויס און—לויפט ווייטער, וויא אַ בערג־שטראָם, ניט אָבשטעלענדיג זיך אויף איין רגע. דיא לופט איז אָנגע־פיהלט מיט דיא קלעפּ פון דיא קאַפּיטעס, וועלכע קלינגען איבער דיא שטיינער. דיא פערד קענען זיך קוים בעווענען דורך דיא שטיקלעך מעבעל און גאַנצע בערג צוריסענע מלבושים, וועלכע ליעגען זיי אונטער דיא פיס. דיא פערד שטעלען זיך אויף דיא הינטערשטע פיס. דיא מאַסע בלייבט שטעהן און קעהרט זיך אום צו דיא קאָזאקען.

„פופציג מאַן ארונטער פון דיא פערד !"

דיא מאַסע ברומט און וואַרט. אָבער הינטער איהר, אויפ'ן אַנדערן עק גאַס, בעוויזען זיך אויף פּאָליציסטען און קאָזאקען צופוס. דאַן פאַנגט מען אָהן צו שפּרינגען איבער דיא פּאַרקענס, אריינ־צולויפען אין דיא הויפען; דיא קאָזאקען לויפען נאָך און מאַכען אַרעסטען. נאָר וואָס איז געווען דיא מאַסע אַ ווילדע חיה, וועלכע האָט אָהן רחמנות, אָהן פערשטאַנד ערמאָרדעט און געפּייניגט גאַנץ אונשולדיגע מענשען, און יעצט זיינען דיא בעסטיען ניט מעהר וויא טרוסען, קאָזאקען און פּאָליציסטען בעפאַלען דיא לויפענדע אויף אונזיניג און אָהן מיטלייד, דיא פערפאָלגטע לויפען איבער דיא גאַסען וויא פייגלינגע, מיט קללות און שימפּפערייען.

אין אָבענד, בעת איך בין פאַרבייגעגאַנגען אויפ'ן באַזאַר אַ קאָזאַצקען פּיקעט, האָב איך געהערט, וויא איינער פון דיא קאָזאַקען האָט געזאָגט צום צווייטען:

„מען זאָגט, אַז עס זיינען דערהרג'עט געוואָרען פערצעהן זשידעס !"

דער צווייטער האָט גאָר ניט געענטפערט און גלייכגילטיג גע־רויכערט זיין פּיפּקע.



# קין און אַרטעם.

קין איז געווען א קליינוואוקסיגער, לעבעדיגער אידעל, מיט א שפיציגען קאָפּ, מיט א געלען דארען פּנים, דיא ביינער פון דיא באַקען און דיא מאָרדע זיינען געווען בעוואקסען מיט קופּקעס געלע הארטע האָאר, און דער פּנים האט אויסגעזעהן אזוי, וויא ער וואָלט ארויסקוקען פון א'ן אַלטען ארומגעריסענעם ראַמען פון פּליוש, וואס זיין צודעק פון אויבען וואלט געווען דער קאָזירעק פון א פערשמירטע היטעל.

פון אונטער'ן קאָזירעק און דיא געלע גאר וויא אויסגעפּליקטע ברעמען, האבען געבלישצעט קליינצינקע גראָע אויגלעך. זייא פלעגען זיך זעהר זעלטען אָפּשטעלען אויף איין זאַך א לאַנגע צייט; זיי פלעגען אָן א'ן אויפהער שנעל לויפען פון איין זייט אין דיא אנדערע און אומעטום האבען זייא געווארפען שמייכעלעך—מיט פּחד, מיט חניפה, מיט א זוכעניס פון חן און חסד.

איטליכער, וואס האט געזעהען דיא דאזיגע שמייכעלעך, האָט פערשטאַנען באלד אויפ'ן אָרט, אז דאס עיקר־געפיהל פון מענשען, וועלכער קען אזוי שמייכלען,—איז דאס, וואס יענער האט מורא פאר אלין און פאר אלעמען, און אין איין רגע קען ער פערציטערט ווערען פון שרעק וויא א בלאט פון בוים. און דעריבער, ווער עס האט זיך נאר ניט געפוילט, האט נאך מעהר פערשטארקט מיט רשעות'דיגע לצנות און א שנעל אין נאז דעם דאזיגען געפיהל פון דעם אידען, א געפיהל, וואס איז געווען תמיד אנגעשטריינגט און האט דורכגעדרונגען ניט נאר זיינע נערוועז, אבער משמעות אפילו דיא פאַלדען

פון דעם פּאַרוסינעווען אנצוג, וואס האט בערעקט זיין אויסגעדאַרטען גוף פון אויבען ביז אראפּ און האט אויך אייביג געציטערט.

דעם אידען'ס נאמען איז געוועזן חיים אהרן פּורוויץ; אבער גערופען האט מען איהם קין. דאס איז איינפאַכער וויא חיים; דער נאָמען קין איז מעהר בעקאַנט צווישען מענשען און אין איהם ליעגט א גרויסע מאָס פון בעליידיגונג. דער נאמען איז אפילו ניט געגאַנגען צוא דעם קליינעם, דערשראָקענעם און שוואַכען מענשעל, אבער יעדערן האט זיך געדאַכט, אז דער דאזיגער נאמען מאַלט אב גאַנץ דייטליך דעם גוף און דיא נשמה פון אידען און פאר איין גאַנג בעליידיגט ער איהם.

ער האט געלעבט צווישען מענשען, וועלכע זיינען געוועזן שלים־מזל'ניקעס, און פאר אזעלכע איז אלע מאהל א גרויסער פערגעניגען צו בעליידיגען דעם צווייטען, און זייא ווייסען אויך, וויא אזוי דאס צו טהאָן, ווייל לעת עתה קענען זייא בלויז אויף אזא'ן אופּ'ן זיך מתנקם זיין פאר זייערע קריוודעס, און בעליידיגען קינ'ען איז געוועזן גרינג. ווע מען האט מיט איהם געטריבען לצנות, האט ער מעהר ניט וויא געשמייכעלט, און זיין שמייכלען איז געוועזן פון א מענשען, וועלכער האט זיך אין עפּעס פערזינדיגט; צייטענווייז האט ער זיינע בעליידיגער נאך אליין אונטערגעהאָלפען צו מאכען שפּאַס פון איהם; דאס איז געוועזן א מין האַנדעל, וואס ער האט געגעבען דיא מענשען פאר דאס רעכט צו לעבען און אטהעמען צווישען זיי.

ער האט געלעבט פון האנדעל, פערשטעהט זיך. ער איז געגאַנגען איבער דיא גאסען מיט א הילצערנעם קעסטעל אויף דער ברוסט און האט געשריען מיט א זיסען, דינעם קול'כעל:

„וואַק־שאַ! שוועבעלעך! נאָדלען! שניט־סחורה! אלערהאַנד קליינינקייטען!"

נאָך איין כאַראַקטער־צוג: אויערן האָט ער געהאַט גרויסע, אָבגעשטאַנענע, און זיי פלעגען זיך הויבען און פאַלען אָהן אן אויפהער, פּונקט וויא ביי א שרעקעדיגען פערד.

געהאַנדעלט האָט ער אין שיכאַן, אין א געגענד, וואו עס האָט זיך פערקליעבען דער גאַנצער אָבגעריסענער נאַקעט פון שטאָדט —

פערשיעדענע „פערבראַקירטע“ מענישען. שיכאַן שטעלט פאָר א שמאָרע גאַס, וואָס איז פערבויט מיט אַלטע הייזער, הויכע און מרה־שהורה׳דיגע; אין זיי געפינען זיך אבסניות, שיינקען, ברויט־בעקערייען, קראָמען מיט עסענוואַרג, מיט אַלטען אייזען און מיט אַלערהאַנדיגע אָבגענוצעטע זאַכען; אין זיי האָבען געוואָהנט גנבים און קויפער פון גענגב׳עטע סחורה, ארימע הענדלער און הענדלערקעס מיט עסענוואַרג. אין גאַס איז שטענדיג געלעגען א שאָטען פון דיא הויכע הייזער, און עס איז געוועזען דאָרטען אַ סך בלאָטע און ש כורים; זומערצייט איז דיא גאַס תמיד געוועזען פול מיט א שטארקען עיפוש פון עפּיס, וואָס האָט געפוילט, און פון איבערגעברענטע בראַנפען. דיא זון פלעגט נאָר גאַנץ באַנינען, פאָרזיכטיג און ניט אויף לאַנג, אריינקוקען אַהער אין גאַס, אזוי וויא זיא וואָלט מורא געהאַט צו בעשמוצען מיט דער בלאָטע איהרע שטראַהלען.

דיא גאַס האָט זיך געצויגען איבער א זייטעל פון אַ באַרג, ניט ווייט פון דעם ברעג פון גרויסען טייך, און איז תמיד געוועזען פול מיט ארבייטער פון שיפען, מיט מאַטראָזען פון דאַמפפער, מיט פעק־טרעגער. דאָ האָבען זיי געש כור׳ט און געלעבט א גוטען טאָג אזוי, וויא זיי פערשטעהען, און אויך דאָ, אין פערבאָרגענע ווינקעלעך, פלעגען דיא גנבים זיצען און וואַרטען, ביז וואַנען יענע וועלען ווערען גוט מלא. לעבען דיא טראָטוארען פון גאַס זיינען געשטאַנען גרויסע ליימענע טעפּ פון דיא הענדלערקעס מיט פעלמעגעס (פליישקניידלעך), טישלעך פון דיא הענדלער מיט געפיקטע קובענס און אָבגעקאָכטע לעבער. דיא מאַסען אַרבייטער פון טייך האבען זשעדנע געשלונגען דיא הייסע אכילות, די ש כורים האָבען געזונגען לידער מיט ווילדע קולות און זיך געזידעלט, דיא סוחרים האָבען מיט הילכעדיגע שטימען פעררופען צו זיך דעם קונה און געלויבט זייער סחורה; עס האָט זיך געטראָגען א בריאַזג פון דיא ווענגס, וואס האבען זיך קוים מיט צרות געקאָנט דורכשפּארען צווישען דיא רעדלעך מענישען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין גאַס, האָבען געקויפט אָדער פערקויפט, געוואַרט אויף אַרבייט אָדער אויף א כשר׳ע מציאה. א קאַטעבעצן פון טענער האָט זיך געטראָגען וויא א ווינד איבער דער גאַס. וואָס

איז געווען שמאָל וויא א טייך מיט שטעהעדיגע וואַסער, אין דיא טענער האָבען זיך געהאַקט און צוהאַקט אָן דיא שמוציגע ווענד פון דיא הייזער; דיא הייזער האָבען אויסגעזעהען וויא א ליב בעדעקט מיט וואונדען, וויל דיא קאַלך האָט זיך פון אויבען אָבגעברעקעלט און איז געווען אויסגעשמירט מיט גרינע פעשימעלטע פלעקען.

אין דער דאָזיגער גאַס, וואָס איז געווען פול מיט קאָבעדיגער בלאָטע, מיט א הילבעדיגען געדרויש און מיט נבול־פה, האָבען זיך שטענדיג ארומגעדרעהט קינדער, — קינדער גרויסע און קליינע, אָבער איינס וויא דאָס אַנדערע שמוציג, הונגעריג און פערדאָרבען. זיי זיינען דאָ אַרומגעלאָפען פון אין דער פריה ביז׳ן אַבענד און געלעבט האָבען זיי פון דער גוטסקייט פון דיא הענדלערקעס אָדער פון זייערע פלינקע קליינע הענדלעך, און ביי נאַכט האָבען זיי זיך געלעגט שלאָפען ערגיין אָן אַ זייט,—הינטער אַ טויער, אונטער אַ טישעל פון אַ קובען־טרעגער, אין דעם טיעפען פענסטער פון איין אונטער־שטען גאָרן. וויא דיא זון פלעגט נאָר אויפגעהן, זיינען שוין וויעדער געווען אויף דיא פיס דיא קליינע אויסגעצעהרטע קרבנות פון קינ־דערישע קראַנקהייטען, און האָבען זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט: גנב׳ענען געשמאַקע און טייערע ביסענס און אויסבעטלען דיא צוגעפוילטע, וואָס זיי האָבען דורכ׳ן טאָג פערקויפט צו בעלנים. וועמעס קינדער זיינען דאָס געווען ? אלעמענס.... אָט אין דער גאַס איז דאָס קין אַרומגעגאַנגען טאָג־טעגליך, אויסרעכענעניג אויפ׳ן קול דעם לאַנגען צעטעל פון זיינע סחורה, און דאָ האָט ער זיא טאַקי פערקויפט צו דיא פרויען פון גאַס. זיי פלעגען ביי איהם אַנטלייהען אויף אַ פּאָאר ייעה אַ פערציגער מיט׳ן תנאי, אַז זיי זאָלען איהם אָבגעבען צוריק צוויי און צוואַנציג קאָפּיקעס, און זיי האבען שטענדיג בעצאָהלט עהרליך זייער חוב. איבערהויפּט, האָט קין געפיהרט אין דער גאַס גרויסע געשעפטען: ביי דיא אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך אוועקגעלאָזען יש בור׳ען האָט ער נעקויפט דיא העמדער, היטלעך, שטיוועל און גארמאָניקעס, ביי דיא פרויען—דיא ספּאָדניצעס, דיא יאַקלעך, דיא צירונג, וואָס זיינען ווערטה געווען א גראָשען, און דער־נאָך האָט ער פאַר דיא סחורה געקראָגען אַנדערע אָדער ער האָט

זיא פערקויפט מיט אַ צוואַנציגער פרנסה. און עס איז ניט פערבײ איין שעה אין טאָג, וואָס מען זאָל פון איהם ניט אָבלאַבען אָדער ניט מכבד זיין מיט קלעפּ און אַ מאָל פלעגט מען איהם אין גאַנצען ארומ־נעהמען. ער האט זיך אויף דעם ניט בעקלאָגט; אויף דיא אַלע קלעפּ און בעליידיגונגען האָט ער געענטפערט מיט זיינע ווייך־טראַגיישע שמייכעלעך.

עס פלעגט זיך טרעפען, אַז אין אַ פינסטערען ווינקעל פון גאַס פלעגען דעם אידען בעפאַלען צוויי־דריי יונגען, וועלכע זיינען געווען קאַפּאַבל פון הונגער אָדער פון דורסט נאָך בראַנפען אוועק־הרג׳ענען אַ מענשען; אראָבגעשליידערט אויף דר׳ערד מיט אַ זעץ פון קולאַק אָדער גלאַט פון שרעק, פלעגט קין זיצען ביי דיא פיס פון זיינע רויבער, ציטערן מיט אַלע אברים, זוכען אין דיא קעשענעס און זיך בעטען ביי זיי:

„הארעלעך! גוטינקע! נעהמט ניט צו אַלץ... מיט וואָס וועל איך האַנדלען?“

און זיין דארער פנים האָט זיך אין גאַנצען נעטרייסעלט פון דיא מיליאָנען שמייכעלעך.

„נו, פערשטעק דיין פּסק! גיב נאָר אַהער דרייסיג קאָפּיקעס“...

דיא גוטע הארעלעך האָבען פערשטאַנען, אַז מען דאַרף ניט ארויסרייסען ביי דער קוה דעם גאַנצען אייטער, ווען מען וויל קריע־גען פון איהר מילך.

עס פלעגט זיך טרעפען, אַז ער פלעגט זיך אויפהויבען פון דר׳ערד און געהן צוזאַמען מיט זיי איבער דער גאַס, שפּאַסענדיג און שמייכלענדיג; זיי האָבען איהם אויך אַ טובה געטהאָן און גערעדט מיט איהם און אָבגעלאַכט פון איהם און אַלע האָבען זיך געהאלטען פראָסט און אָפען. און נאָך אַזאַ בעגעגענים פלעגט קין מעהר ניט וויא ווערען אַ ביסעל דארער.

מיט׳ן קהל האָט ער על כל פנים ניט געלעבט אין אחדות. נאָר גאַנץ זעלטען האט מען איהם געקאָנט זעהן צוזאַמען מיט אַ אידען, און יעדעס מאָל איז געווען לייכט צו בעמערקען, אַז יענער קוקט אויף קין׳ען מיט גאוה און פעראַכטונג. אין גאַס האָט

מען גערעדט, אַז קין איז געלעגען ביים קהל אין חרם, און אַ קורצע צייט האבען איהם דיא הענדלערקעס פון גאַס גערופען „פערפלוכטער“.

עס איז אַ סברה, אַז דיא מעשה מיט'ן חרם איז געווען אַן אויסגעקלערטע, הגם קין איז בלתּי ספק געווען אַ שטיקעל אפּיקורס — ער האָט מחלל שבת געווען און גענעסען טרפות. מען פלעגט צו־שטעהן צו איהם מיט קשיות, וויא אַזוי האָט ער ביי זיך געפּועל'ט צו עסען אַזעלכע זאַכען, וואָס זיין אמונה האָט געאסור'ט? ער פלעגט זיך צונויפקאָרטשען, אָנהויבען צו שמייכלען און זעהען יוצא צו ווערען מיט אַ גלייכוועדטעל אָדער גאָר אַנטלויפען; פון דער אידיישער אמונה און דיא אידיישע מנהגים האָט ער קיין מאָל קיין וואָרט ניט דערציילט.

אפילו דיא אונגליקליכע קינדערלעך פון דער דאָזיגער גאַס האָבען איהם אויך גע'רודפ'ט; צו איהם אין קעסטעל און אין רוקען האָבען זיי געוואָרפען שטיקער בלאָטע, דיא שאָלעכטס פון קאַוואונען און אַלערהאַנד פּאַסקודסטווע. ער האָט זיך געסטאַרעט זיי אבצו־שטעלען מיט זיסע רייד, אָבער על פּי רוב פלעגט ער אנטלויפען פון זיי אין דיא געדיכטע רעדלעך מעניטען, וואו זיי זיינען איהם ניט נאָכגעלאָפען, מחמת זיי האָבען מורא געהאַט, מען זאָל זיי דאָרטען ניט צוטרעטען אונטער דיא פּיס.

אזוי האָט געלעבט קין טאָג איין, טאָג אויס; אלע האָבען איהם נעיאָגט; — ער האָט געהאַנדעלט, געציטערט פון שרעק און געשמיי־כעלט; און אט האָט צו איהם איין מאָל זיין מזל אויך אַ שמייכעל נעטהאָן....

*　*　*

איטליכער ווינקעל פון לעבען האָט זיך זיין אייגענעם טיראַן. אין שיכאָן האָט דיא דאָזיגע ראָלע געשפּיעלט דער שיינער ארמעס' אַ יונג — אַ ריעז, מיט אַ רעגעלמעסיג־קיילעכדיגען קאָפּ, וואָס איז געווען בעדעקט מיט אַ געדיכטע היטעל פון שווארצע געגרייזעלטע האָאר. דיא ווייכע האָאר האָבען זיך איהם געשאָטען אויפ'ן שטערן אין מאָדנע רינגען און זיך ארונטערגעלאָזען ביז דיא וואונדער־שיינע כאמעטענע ברעמען און דיא גרויסע ברוינע אויגען, לייכטיגע און

תמיד פערצויגען מיט עפיס א פוטערדיגע פייכטקייט. א נאז האט ער געהאט א גלייכע, אזא, וויא מען זעהט אויף דיא בילדער פון דיא אלטע רוימער, ליפען רויטע, פולע, זעפטיגע, בעדעקט מיט גרויסע שווארצע וואנצען; זיין גאנצער קיילעכדיגער ריינער און דונקעלער פנים איז געווען וואונדערבאר גלייכמעסיג און פשוט שיין, און דיא אויגען זיינע, וואס זיינען געווען פערצויגען מיט א וואקען, האבען איהם זעהר געפאסט, און עפיס אזוי וויא געמאכט פולער און בע־דייטליכער זיין מאדנע שיינקייט. מיט א ברייטע ברוסט, הויך און שלאנק, תמיד מיט איין אונבעוואוסט־צופריעדענעם שמייכעל אויף דיא ליפען, איז ער געווען אין שיכאן א בייזע אנטיקענעם פאר דיא מענער און א פרייד פאר דיא פרויען. דעם גרעסטען טהייל פון טאג האט ער פערבראכט ליעגענדיג ערגיין אויף דער ברענענדיגער זון. גרויס, פויל, פלעגט ער ליגען און אריינאטהעמען דיא קופט און דעם שיין פון דער זון מיט לאנגזאמע זיפצען, פון וועלכע זיין מעכ־טיגע ברוסט האט זיך געהויבען הויך און מעסיג.

ער איז אלט געווען א יאהר פינף און צוואנציג. מיט א יאהר דריי צוריק איז ער געקומען אין שטאדט צוזאמען מיט אן ארטעל פון פראמזינסקע פעק־טרעגער, *) און ווען דיא ארבייט־צייט איז אוועק, איז ער דא פערבליעבען אויף ווינטער; ער האט פערשטאנען, אז ער וועט אפילו ניט דארפען איינטונקען א פינגער אין קאלטע וואסער און קענען לעבען און האבען פערגניגען מיט זיין גבורה׳שאפט און זיין שיינקייט. און אט פון דעמאלט אן איז ער פון א דארף־יונג און פעק־טרעגער געווארען א ליעבלינג ביי דיא הענדלערקעס מיט פעלמענעס, ביי דיא קרעמערקעס און ביי דיא אנדערע פרויען פון שיכאן. דורך דעם מין בעשעפטיגונג האט ער געהאט לרוב עססען און בראנפען און טאבאק אלע מאל, ווען ער האט נאר געוואלט; פערלאנגען עפיס מעהר האט ער ניט געקענט, און אזוי האט ער געלעבט.

---

*) פראמזינא איז א דארף אין סימבירסקער גובערניע, און פון דא גייען געהען ארויס אויף וואלגא דיא שטארקסטע פעק־טרעגער.

דיא פרויען האָבען זיך גערימען איבער איהם, זיך געשלאָגען, אויף דיא פערהייראטע גע׳מסר׳ט דיא מענער, פון דיא מענער און געליעבטע האָבען זיי געקראָגען געשלאָגען מכות רצח, — ארטעם איז געווען גלייכגילטיג צו דיא אַלע זאַכען; ער האָט זיך געבאקען אויף דיע־זון, אויסציעהענדיג דיא אברים וויא א קאָטער, און האָט געוואַרט, ווען עס וועט זיך אין איהם אויפוועקען א באגעהר, וואָס ער האָט נעקאָנט אויספיהרען; אַזעלכע באגעהרען האָט ער געהאט ניט א סך.

געוויינליך איז ער געלעגען אויפ׳ן בארג, אין וועלכען דיא גאַס האט זיך אַריינגעשפאַרט. דאָ האָט ער געקענט זעהן גלייך פאַר זיינע אויגען דעם טייך, הינטערן טייך, ביז׳ן עק הימעל, האָבען זיך ברייט צוואוואָרפען דיא לאָנקעס; וואו ניט וואו זיינען געלעגען אויף זייער גלאַטען גרינעם דיוואַן גראָע פלעקען — דאָס זיינען דערפער־דאָרטען—איז תמיד שטיל, קלאָר, גרין.... און ווען ער האָט א קעהר געטהאָן דעם קאָפּ לינקס, האָט ער געזעהען זיין גאַס, פון איין עק ביז׳ן אַנדערן, אין איהר האָט דאָס לעבען געקאָכט וויא אין א קעסעל; ווען ער האָט זיך איינגעקוקט אין דעם טאראַראַם, האָט ער דערקאָנט דיא פיגורען פון בעקאַנטע מענשען, האָט געהערט דעם הונגעריגען געפילדער פון דער גאַס און האָט פיעלייכט פון וואָס ניט איז געטראַכט. אַרום איהם, איבער׳ן בארג, האָט געוואַקסען א גע־דיכטע גראָז. זיינען געשטאַנען וויא פערוואָגעלטע יתומות אויסגע־דאַרטע בעריאָזעס, ארומגעבראָכענע קוסטען בוזינע; דיא „באָסיאַקעס" זיינען אַהער געגאַנגען זיך אויסניכטערן, שפּיעלען אין קאָרטען, פער־ריכטען דיא בגדים אָדער אויסרוהען דיא ביינער נאָך דער אַרבייט און נאָך דיא געשלעגע.

ארטעם האָט קיין גוטען שם ביי זיי ניט געהאט. ער האָט געהאַט אין זיך אַזאַ גבורה, דאָס קיינער האָט איהם ניט געקאָנט בייקומען, און אָפט פלעגט ער פערפיהרען מחלוקות, און אגב האט ער שוין צו לייכט פערדיענט זיין ברויט. דאָס האָט ארויסגערופען קנאה, און דערצו נאָך האָט ער זעלטען אימיצען געגעבען אַ חלק פון זיין רויב־פּרייז. איבערהויפּט זיינען אין איהם ניט געווען ענטוויי־קעלט דיא געפיהלע פון חבר׳שאַפט און עס האָט איהם וועניג גע־

צוינגען צו קומען צווייטען מענטשען. אויב מען איז צו איהם געקומען און פערפיהרט א שמועס, האָט ער גערן געענטפערט. אָבער אליין האָט ער ניט אָנגעפאנגען צו רעדען; אויב מען האט ביי איהם געבעטען געלד אויף א טרונק בראָנפען — האָט ער געגעבען, אָבער ער זאָל אליין געהן און טראַקטירען מיט א גלעזעל בראָנפען זיינע בעקאַנטע—דאָס ניט. און צווייטען זיי איז געווען איינגעפיהרט, אַז איטליכע פערהאָרעוועטע קאָפּיקע זאָל מען אויסבריינגען בחברותא אויף עסען און טרינקען.

אהער, אין דיא קוסטען, פלעגען קומען צו ארטעמ'ען דיא שלוחים פון ליעבע — אָן אָבגעריסענע און פערשמאָרקעטע מיידעל פון גאַס אָדער אַ פערשמאָרקעטער אינגעל. דאָס זיינען יונגע מענ־שעלעך, זיעבען־אַכט יאָהר אַלט, זעלטען צעהן, אָבער זיי פערשטעהן ס'אַרא וויכטיגע שליחות מען האט זייא פערטרויט; זיי ריידען מיט אַ פערשטיקטען קול און אויף זייערע פּנים'לעך ליעגט שטענדיג דיא אוואיע פון אַ מענשען, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ טיעפען סוד...

„פעטערל אַרטעם, דיא מומע מאַריא האָט דיר געהייסען זאָ־גען, אַז איהר מאַן איז אַוועקגעפאָהרען; בכן זאָלסט היינט אָנדינגען אַ לאָדקע, און זאָלסט אַוועקפאָהרען צו איהר, אין דיא לאַנקעס"...

„אַזוי־וי," ציעט אַרטעם פוילע ווערטער, און זיינע שיינע אויגען שמייכלען מיט אַ דונקעלען גלאַנץ.

„לאָז זיך ניט בעטען, און"...

„פאַר וואָס ניט ?... א... אָט וואָס... וועלכע איז דאָס, דיא מומע מאַריא ?"...

„דיא קרעמערקע, ווייסט דען ניט?" זאָגט דער שלוח מיט א מין פאָרוואורף.

„דיא קרעמערקע... יע? דאָס איז דיא, וואָס האַלט דערביי מיט'ן קראָם פון אייזען?"

„נו, יע, דערביי מיט'ן קראָם פון אייזען. אַניסיאַ ניקאָלאַיעוונאַ... וויא אַזוי ווייסט דאָס ניט!"

„נו, נו, ברודערל. מיינסט טאקי, אז איך וויים ניט ווער... איך זאָג דאָס גלאט אזוי... איך מאַך ׳שפּאַס... בלומריטט וויא איך וואָלט פאַרגעסען... און מאַריאַן קען איך גוט״...

אָבער דער ׳שילוך איז אין דעם ניט זיכער; עס ווילט זיך איהם גוט אויספיהרען זיין ׳שליחות און ער פאַנגט אָן צו ערקלערען ארטעמ׳ען באריכות:

„מאַריאַ—דאָס איז יענע, דיא קליינע, מיט רויטע באקען; לעבען דיא פיש״...

נו—נו!... יענע, וואָס לעבען דיא פיש. אָט! ס׳ארא מעני׳ש דוא ביסט!... איך וועל דען פערמייטען? גוט. זאָג איהר; מאַריא׳ן, אז איך פאָהר, ער פאָהרט, זאָג איהר, געה!״

נאָך ארטעמ׳ס רייד פערקרימט דער ׳שילוח זיין פּנים׳ל, וואו עס צוגיסט זיך אַ מאָדנע זיסקייט, און ער פאַנגט אָן פערצווינגען:

״פעטערל אַרטעם, גיב מיר אַ קאָפּיקע!„

„אַ קאָפּיקע? און וואָס טהוט מען, אַז ס׳איז ניטאָ?״ זאָגט ארטעם, און רוקט אַריין ביידע הענד אין דיא הויזען־קע׳שענעס. און עס טרעפט זיך ניט, ער זאָל ניט נעפינען אַ מטבעה. מיט אַ גליק־ליכען ׳שמייכעל פליהט דער ׳שליה וויא אַ פייל פון ביינען אָנצוזאָגען דייא פריילעכע בשורה דער פערליעבטער ענגדלערקע מיט אָבגעבאַקענע לעבער. אַז איהר בקי׳שה איז איבערגעגעבען געוואָרען, און פון איהר אויך קריעגט ער בעצאָהלט פאר דיא טרחה. ער וויים דעם פרייז פון נעלד און נעלד דאַרף ער האָבען ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז הונגעריג; אָבער אויך דערפאַר, וואָס ער רויכערט פּאַפּיראָסען, טרינקט בראַנפען און האָט עסקים מיט מיידלעך. אויף מאָרגען נאָך אַזאַ סצענע איז ארטעם נאָך גלייכגילטיגער וויא פריהער צום ארומיגען לעבען און זיין זעלטענע ׳שעהנקייט פון אַ מעכטיגע אָבער רוהיגע חיה בלאנקט נאָך מעהר. אזוי האט זיך געצויגען די דאָזיגע זאַטע, כמעט בעוואוסטלאָזע עקסיסטענץ, רוהיגע, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט אָהן אַ צאָהל ׳שונאים, וועלכע האָבען איהם מקנא געווען אָדער געהאַסט אויס אייפערזוכט; רוהיג איז געווען ארטעמ׳ס עקזיסטענץ

ווייל זיא איז געוועזן בעוואַכט מיט דער יׂשרעקליכער קראַפט פון זיין קולאַק.

אָבער צייטענוויים פּלעגט זיך בעוויזען אין דיא ברוינע אויגען פון שיינעם יונג עפּעס א דונקעלער פלעק, דער אָנצייגער פון א שטורם, זיינע סאַמעטענע ברעמען פלעגען זיך מיט כעס צונויפרוקען און אין דעם ברוינליכען שטערן פלעגט זיך דורכשניידען א טיעפער קנייטש. ער פלעגט אויפשטעהן און געהן פון זיין מקום מנוחה אין גאס אריין, און וואָס נעהענטער ער פלעגט צוקומען צו איהר האַווען און שמייען, פלעגען דיא שוואַרצאַפּלען פון זיינע אויגען ווערען אַלץ קיילעכדיגער ג.ו. דיא דינע נאָזלעכער פלעגען אַלץ אָפטער ציטערן. אויף דער לינקער פּלייצע הייגגט בייא איהם א געלער יאַק פון גראָבען געוואַנט, דיא רעכטע פּלייצע איז פערדעקט מיט דיא העמד און מען קען זעהן דורך איהר, ס'ארא מעכטיגע פּלייצע דאָס איז. שטיוועל האָט ער פיינד געהאַט און איז אַלע מאָהל געגאַנגען אין לאַפּטשעס; דיא ווייסע לאַפּענס אויף דיא פיס, וואָס זיינען שיין איבערגעקרייצט מיט בענדלעך, מאָלען אָפּ דיא פלייש פון זיינע פיס, געגאַנגען איז ער פּאַמעלאַך, וויא א גרויסער שטורעמדיגער וואָלקען...

דיא גאַס איז בעקאַנט מיט זיינע דרכים און זיא זעהט שוין אויף זיין פּנים, וואס זיא האט פון איהם צו ערוואַרטען. עס הערט זיך א שושקעריי מיט אַן התראה:

„ארטעם געהט!"

און פאר'ן שיינעם יונג מאַכט מען אין איילענים דעם וועג, מען רוקט אָב אָן א זייט דיא טישלעך און ברעטלעך מיט סחורה, דיא קעסלען און ליימענע טעפּ מיט דיא הייסע געקעכטס, מען שמייבעלט צו איהם חניפת'דיג, מען גיט איהם אָב „שלום עליכם"... און אַלע ציטערן פאר איהם, און ער געהט צווישען דיא מענשען, וועלכע האָבען מורא פאר זיין קולאַק, געהט און שוויגט, מיט א פינסטערע צורה, און ווילד־שיין וויא א גרויסע חיה.

אָט האָט זיין פוס פערטשעפּעט א טישעל מיט מאָגען, לעבער, לונגען—און דאָס פליהט אַלץ אויף די בלאָטיגע שטיינער; דער הענדלער לאָזט ארויס א פערצווייפעלטען געשריי און פאַנגט זיך אָן צו זידלען.

„ווער הייסט דיר שטעהן אין וועג?״ פרעגט אַרטעם רוהיג, אָבער מען זעהט, אז דיא מעשה וועט זיין א מיאוס'ע.

״דאס איז פאר דיר א וועג, דוא, אָקס איינער?„ שרייט דער הענדלער וויא איין אָבגעבריהטער.

״און וויא אַז איך וויל דאָ געהן?

הינטער דיא ביינער פון דיא באַקען בעוויזען זיך ביי אַרטעם'ען גרויסע בלאָזען, און זיינע אויגען זעהן אויס וויא רויטע גליהענדע ט'שוועקעס. דער הענדלער זעהט דאס און רעדט אַרויס אונטער'ן נאָז:

״דיא גאס איז פאר דיר צו שמאָל״ . . .

אַרטעם געהט לאַנגזאַם ווייטער. דער הענדלער לויפט אַוועק אין טראַקטיר, נעהמט דאַרטען געקאָכטע וואַסער, וואַשט איבער אין איהם זיינע סחורה און אין פינף מינוט אַרום שרייט ער שוין ווידער אויף דיא גאַנצע גאַס:

„לעבער, לונגען, א הארץ א הייסע! מאַטראָז! גיב דער ערשטער צו לייזען! פאר פינף קאָפּיקעס שנייד איך דיר אָב א שטיק צונג! מומעלע, קויף אַ העלזעל! ווער דארף האָבען אַ הארין א הייסע? לעבער, לונגען!״

און עס רוישען וויא כוואַליעס דיא הילכעדיגע קולות און פון דער גאַס טראָגט זיך א שווערער עיפּוש פון בראַנפען, שוויס, פּייטש, זענעבץ, ציבעלע.

מענשען געהען אַרום הין און צוריק אין מיטען גאַס, פערשטעלען דעם וועג דיא פערד, שרייען, האַנדלען זיך, לאַכען, הויך איבער זייערע קעפּ זעהט זיך א שטיק בלויער הימעל, פערדונקעלט פון שטייב און בלאָטע, וואָס הויבען זיך אַרויף אין דער לופט פון דער ראָזיגער גאַס, און עס זעהט אויס, אַז אפילו דיא שאָטענס פון דיא הייזער זיינען דא אויף פייכט און דורכגעווייקט אין בלאָטע . . .

„שניט־שחורה! פּאָדים! נאָדלען!״ שרייט קין, ניט אַרויסלאָזענדיג פון אויג אַרטעם'ען, וועלכער איז פאר איהם נאָך מורא'דיגער וויא פאַר אַנדערע.

„קובענס מיט באַרנעס, קויף און דערקוויק דיא נשמה!״ זינגט זיך פאַנאַנדער אויפ'ן קול א יונגע פערקויפערקע פון קובענס.

"ציבעלע, גרינע צי־בע־לע!„ העלפט איהר אונטער א צווייטע.
„קוואַ־אס! קוואַ־אס!" קוואַטשקעט מיט א הייזעריגע שטימע
אַ'ן אַלטינקער, קליין געוואַקסען, מיט א גראָבען בויך און א רויטען פּנים,
זיצענדיג אין שאַטען פון זיין פעסעל מיט דער סחורה.

און א מאַן, וועלכער האט געטראָגען אין גאַס דעם מאָדנעם צונעמענס „דער אָבגעשמיסענער חתן", האַלט אין פערקויפען א שיף־ארבייטער זיין אייגענע העמד פון ליב, א פערשמירטע, אבער א שטאַרקע, און שרייט צום קונה מיט איבערצייגונג.

„דוא פלאָ־אקען איינער! וואו וועסטו קויפען פאַר א פערציגער אזא פיינע שטיקעל סחורה? אין אזא העמד איז דאך ניט מיאוס צו געהן זעהן א כלה, א קופּצאָווע, מיט מיליאָנען! טיי־ייוועל!"

דורך דעם אַלגעמיינעם ווילדען, אָבער האַרמאָנישען געפּילדער שניידט זיך דורך מיט א מאָל א דינער קינדערישער קול'כעלע.

"גיט, אין נאָמען פון קריסטוס, א קאָפּיצקע . . . א יתומ'ל אַ'ן עלענדען . . . ניטאָ קיין טאַטע און קיין מאַמע,, . . .

טשיקאָווע און אַזוי פרעמד צו אַלין קלינגט אין דער דאָזיגער גאַס דער נאָמען פון קריסטוס!

„ארטיושאַ! קום נאָר אַהער!" שרייט מיט א ליעבקייט א לעבעדיגע ווייבעל, דיא זעלנערשע דאַריאַ גראָמאָוואַ, וועלכע האַנדעלט מיט פּעלמענעם. „וואו ווערסט דאָס פערפאַלען? וואָס פערגעסטו אונז?"

„האָסט א פולע פערקויפט?" פרעגט רוהיג ארטעם און וואַרפט אום איהרע סחורה מיט א לייכטען שטופּ מיט'ן פוס. דיא פּעלמע־נעס, געלע און גליטשעדיגע, ציהען זיך איבער די שטיינער און א פּאַרע געהט פון זיי, און דאַריאַ איז קאַפּאַבל צו קריכען זיך שלאָגען און שרייט זיך פונאַנדער מיט סם אין מויל:

„קיין פּיצעל בושה און חרפּה האָסטו ניט אין דיא אויגען דיינע! דוא גזלן דוא! וויא טראָגט דאָס דיך נאָך דיא ערד, דוא קעמעל דוא אסטראַבאַנסקער!"

מען מאַכט פון איהר שפּאַס—אַלע ווייסען, אז זיא וועט דאָס ארטעמ'ען מוחל זיין.

און ער געהט ווייטער מיט דיא זעלבינע לאנגזאמע טריט, ארויפקריכענדיג אויף מענשען מיט זיין ברוסט, טרעטענדיג זיי אויף דיא פיס. און פאראויס פויזעט שנעל וויא א שלאנג דיא פערשטיקטע התראה:

„ארטעם געהט!"

אין דיא צוויי ווערטער, אפילו דער, וואס הערט זיי צום ערשטען מאל, פיהלט אויף א סטראשונאק און ער טרעט אב ארטעם'ען דעם וועג און בעגלייט דיא מעכטיגע פיגור פון שיינעם יונג מיט נייגיריגע און פארזיכטיגע אויגען.

אט בעגעגענט ארטעם א בעקאנטען „באסיאק". זיי גיבען זיך דיא הענד, און ארטעם מיט זיין אייזערנע לאפע דריקט אזוי שטארק דיא האנד פון זיין בעקאנטען, אז יענער שרייט פון וועהטאג און זידעלט זיך. דעמאלט כאפט איהם אן ארטעם מיט דיא פינגער פאר דיא פלייצע און דריקט זיא אדער ער טהוט איהם אן אנאנדער וועהטאג און שטום, רוהיג קוקט ער זיך איין, וויא דער מענש אכצעט און זיפצעט אונטער זיין האנד, וויא יענער ווערט דערשטיקט פון וועהטאג און רעדט צווישען דיא ציינער:

„לאז אב, תליון!... פערפלוכט זאלסטו ווערען!"...

אבער דער תליון, אזוי וויא א ריכטער, האט קיין רחמנות ניט.

קין פלעגט אויך ניט זעלטען אריינפאלען אין דיא אונערבארעמדיגע הענד צו ארטעם'ען וועלכער פלעגט זיך שפיעלען מיט איהם, וויא א נייגעריגעס קינד שפילט זיך מיט א פליעג.

אט דיא דאזיגע חידוש'דיגע און אונבעגרייפליכע מעשים פון גבור האבען געהייסען אין שיכאן „ארטיושקע'ס ארויסגאנג". מיט זיין „ארויסגאנג" האט ער זיך איינגעקויפט א גרויסע שונאים, אבער יענע האבען ניט געקאנט צוברעכען זיין אונגעהויערע גבורה, כאטש זיי האבען שוין ניט איין מאל פרובירט דאס צו טהאן. א מאל האבען זיך אויסגעקליעבען זיעבען געזונדע יונגען און מיט דער הסכמה פון דער גאנצער גאס בעשלאסען צו לערנען בלק מיט ארטעם'ען און איהם אבצושלאגען דיא פליגלען. צוויי פון זיי זיינען קוים ארויס מיט'ן לעבען פון דער דאזיגער פראבע, דיא איבעריגע זיינען אבגע־

קומען מיט א קליינינקייט. א צווייטען מאל האבען דיא קרעמער —ביי וועמען ארטעם האט פערפיהרט דיא ווייבער—אנגעדונגען דעם שטאדטיישען קצב, וועלכער איז געוועזן בעריהמט מיט זיין כח און האט ניט איין מאל גובר געווען דיא אטלעטען (גבורים פון צירקוס). דער קצב האט זיך אנגענומען פאר א היבשע סומע געלד צו מאכען פון ארטעם'ען א האלבען מת. מען האט זיי ביידען צונויפגעבראכט און ארטעם, וועלכער פלעגט זיך קיין מאל ניט אבזאגען צו געהן זיך שלאגען אין א שפאס, האט מיט איין קלאפ ארויסגעהאקט ביי דעם קצב א האנד פון פלייצע און מיט א צווייטען קלאפ „אונטער דיא נשמה" האט ער איהם אוועקגעלעגט אויפ'ן ארט כמעט א טויטען. אט דיא אלע פאקטען האבען נאך העכער אויפגעהויבען ארטעם'ס נאמען פון א גבור און דיא צאהל פון זיינע שונאים איז, פערשטעהט זיך, געווארען א סך גרעסער.

און ער האט מאריך געווען נאכ'ן אלטען שטייגער זיינע „ארויס-גאנגען", צושטערענדיג אלין און אלעמען, וואס איז איהם נאר געשטא-נען אין וועג. וואס'ערע געפיהלע האט ער אויסגעדריקט אויף דעם דאזיגען דרך? מעגליך, אז ער האט אויף אזא'ן אופן זיך נוקם גע-ווען אן דער שטאדט און אן דיא פיהרונגען פון שטאדטיישען לעבען, ער, וועלכער איז אויפגעוואקסען צווישען וועלדער און פעלדער, וועל-כער האט זיך אבגעריסען פון זיין אייגענעם מקום; עס קען זיין אז ער האט געפיהלט און האט דאס אליין ניט פערשטאנען, וויא דיא שטאדט מאכט איהם אויס מעניש, פער'סמ'ענדיג זיין גוף און זיין נשמה, און דערפאר האט ער דאס געקעמפפט מיט דעם בייזען מחבל, וואס האט איהם ביסלעכווייז געמאכט פאר א שקלאף. זיינע „ארויסגאנגען" פלעגען זיך צייטענווייס ענדיגען אין פאליצײ-הויז, וואו דיא פאליציי פלעגט איהם בעהאנדלען בעסער וויא דיא איבעריגע תושבים פון שיכאן; זיא האט בעוואונדערט זיין מערקווירדיגע גבורה' מיט זיין גבורה האט זיא זיך משמח געווען, אבער זיא האט געוואוסט אז ער איז ניט קיין גנב און טויג גאר ניט פאר דעם מין ארבייט — ער איז פאר איהר צו נאריש. אבער על פי רוב פלעגט ארטעם נאך אן „ארויסגאנג" זיך אוועקשלעפען ערגיין אין א הויז מיט א שלעכטען

שם, און דאָרטין פלעגט איהם אַריינגעהמען אונטער איהר השגחה איינע פון דיא פרויען, וועלכע זיינען געווען אין איהם פערליעבט. נאָך זיינע העלדישקייטען איז ער געווען געוויינליך מרה־שחורה׳דיג און פול מיט קאַפּריזען, דיא אויגען פלעגען קוקען מיט אַ ווילדען גלאַנץ, און נאָכ׳ן פּנים זיינעם, וואָס איז געווען אזוי וויא פערשטיינערט, האָט מען איהם געקאָנט אָננעהמען פאַר אַ פּרא אדם. אַ קרעמערקע, אַ געזונדע ווייבעל פון איבער דרייסיג, פלעגט ארומגעהן ארום דיא דאָזיגע חיה, און זיך האַלטען, וויא דיא היה וואָלט געווען איהרע. פון דעסטוועגען האָט זיא געציטערט פאַר אַרטעמ׳ס קוק.

„אפשר הייסען דערלאַנגען נאָך אַ פּאָאַר פלעשער ביער, אַרטיושאַ? אָדער זיסע שנאַפּס? ווילסט פיעללייכט וואָס ניט איז פערבייסען? וואָס איז דיא מעשה, וואָס דוא ביסט עפּיס היינט ביי מיר גאָר ניט אַזאַ כוואַט וויא אַלע מאָל?“...

„טשעפּע זיך אָב!“... פלעגט אַרטעם זאָגען מיט אַ האַלבען מויל, און אויף עטליכע מינוט פלעגט זיא אויפהערען צו שמייען אַרום איהם, אָבער דערנאָך פלעגט זיא אָנהויבען אויף דאָס ניי איינצושׁבור׳ען דעם שיינעם יונג, מחמת זיא האָט שוין געוואוסט, אַז בעת אַרטעם איז ניכטער, איז ער קאַרג אויף לאַסקעס...

און אָט האָט זיך אַ מאָל געדאַרפט טרעפען—אַן המציאה כּ׳לעבען—אַז דער דאָזיגער מענש און קין זאָלען זיך צונויפקומען.

* *

מעשה שהיה כּך היה.

איין מאָל נאָך אַן „אַרויסגאַנג“, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען מיט אַ פרייליכע הוליאַנקע, איז אַרטעם גיגאַנגען מיט זיין דאַמע פאַלענדיג פון דיא פיס, צו איהר צו גאַסט דורך אַ שמאָלען און וויסטען זאַווּאולאָק פון פאָרשטאָדט. דאָ האָט מען אויף איהם גע־וואַרט. עטליכע מענשען האָבען זיך אויף איהם אַ לייג געטהאָן און בחרף עין אומגעוואָרפען צו דר׳ערד. אָבגעשוואַכט פון בראַנפען, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט ער זיך ניט געקאָנט פערטהיידיגען, און דעמאָלט האָבען זיך דאָס דיא דאָזיגע מענשען אַ נעהם געטהאָן

פאַר איהם און כמעט אַ שעה צייט איהם אויסגעצאָהלט די טוי־
זענדע בעלײדיגונגען, וואָס זיי האָבען פון איהם ווען ניט איז איבער־
געטראָגען. אַרטעם׳ס בעגלײטערקע איז אַנטלאָפען, די נאַכט אי
געווען אַ פינסטערע. דער פלאַץ וויסט ווי אַ מדבר, — עס איז זיי
געווען סגראַבנע זיך גוט אבצורעכענע מיט אַרטעם׳ען, און זיי האָבען
טאַקי געאַרבייט, ניט שאַנעווענדיג די כחות. און ווען זיי זיינען
מיעד געוואָרען און האָבען געענדיגט, זיינען צוויי קערפּער געלעגען
אויף דר׳ערד און זיך ניט גערירט — איין קערפּער איז געווען
דעם שיינעם אַרטעם׳ס, און דער צווייטער איז געווען פון אַ מענשען׳
וועלכער האָט געהייסען דער רויטער באָק.

די יונגען האָבען געהאַלטען אַן עצה, וואָס צו טהאָן מיט די
צוויי קערפּער, און ענדליך האָט מען אַזוי בעשלאָסען: אַרטעם׳ען
זאָל מען בעהאַלטען אונטער אַן אַלטען שיפעל, וואָס איז צובראָכען
געוואָרען, בעת דער אייז איז געגאַנגען אין אָנהויב זומער, און איז
יעצט געלעגען ביים ברעג טייך מיט׳ן דעק ארויף, — און דעם רויטען
באָק, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו אָבצען, מיטנעהמען
מיט זיך.

ווען מען האָט גענומען שלעפּען אַרטעם׳ען איבער דר׳ערד צום
ברעג, איז ער פון וועהטאָג געקומען אַ ביסעל צו זיך, אָבער ער
האָט די מינוט פערשטאַנען, אַז אויב ער זאָל זיך פאַרשטעלען פאַר
אַ טויטען, וועט ער דוקא בעסער מאַכען, און ער האָט ניט ארויס־
געלאָזען קיין איין קרעכין, הגם ער האָט שרעקליך געליטען. מען האָט
איהם געשלעפּט, געשאַלטען, געזידעלט און איינער פאַר׳ן אַנדערן
האָט זיך די חברה בעריהמט מיט די קלעפּ, וואָס זיי האָבען
געגעבען דעם גבור. אַרטעם האָט געהערט, ווי מישקאַ וואַווילאָוו
האָט דערציילט זיינע חברים, אַז ער האָט די גאַנצע צייט געזעהען
צו שטורכען אַרטעם׳ען אונטער די לינקע לאָפּעטקע, כדי דאָס
האַרץ זאָל זיך ביי איהם אָבצרייסען, און סוכאָפּליוויעוו האָט איבערגע־
געבען, אַז ער האָט געשלאָגען נאָר איבער׳ן בויך, מחמת ווען מען
זאָל ביי אַ מענשען קאַליע מאַכען די קישקעס, — וועט ער קיין
שום נוץ ניט האָבען פון זיין עסען, און ווי פיעל ער זאָל ניט

אַכל׳ען, וועט ער ניט האָבען קיין כחות. לאָמאַקין האָט אויך ערקלערט, אַז צ׳ווייַ מאָל איז ער ארויפגעשפּרונגען מיט דיא פּיס אַרטעמ׳ען אויף׳ן בויך. אויף אַזאַ גלענצענדען שטייגער האָבען זיך אויסגעפּיינט אויך אַלע איבעריגע, און מיט זייער העלדישקייט האָבען זיי זיך בערימט און גערעדט דערפון דיא גאַנצע צייט, ביז וואַנען זיי זיינען ניט געקומען צום שיפּעל און האָבען ניט ארונטערגערוקט אונטער איהם אַרטעמ׳ען. ער האָט געהערט אַלע זייערע רייד און אויך געהערט, וויא ביים אַוועקגעהן האָבען אַלע אין איין קול בעשלאָסען אַז איצטער וועט ער, אַרטעם, שוין מעהר ניט אויפשטעהן אויף דיא פּיס.

אָט איז ער געבליעבען איינער אַליין, אין דער פינסטער, אויף אַ קופּקע פּייכטע מיסט, וואָס דיא כוואַליעס פון טייך האָבען אנגעטראָגען אונטער דעם שיפּעל אין דער צייט, ווען דאָס וואַסער הויבט זיך אויף. דיא נאַכט איז געווען אַ פרישע, וויא עס טרעפט אין חדש מאַי, און פון דער דאָזיגער פרישקייט איז אַרטעם ביסלעכווייס געקומען צו זיך. אָבער וויא ער האָט נאָר געפּרובירט ארונטערצופּויזען צום טייך, פלעגט ער ווידער פאַלען אין חלשות פון אַ שרעקליכען וועהטאָג אין גאַנצען לייב. און באַלד פלעגט ער ווידער קומען צו זיך, און האָט אויף דאָס נייַ געפיהלט דעם וועהטאָג און חוץ דעם אַ שרעקליכע דורסט. עפּיס אַזוי וויא דער טייך וואָלט זיך געריצט מיט זיין שוואַכקייט, האָט ער זיך שטילערהייט געשלאָגען ביים ברעג, אָט דאָ דערביי גאָר נאָהענט לעבען איהם. דיא גאַנצע נאַכט האָט ער פערבראַכט אין אַזאַ לאַגע און האָט מורא געהאַט צו קרעכצען און זיך אַ ריהר צו טהאָן.

אָבער איין מאָל, ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט, האָט ער דערפיהלט, אַז מיט איהם האָט געשעהן עפּיס אַ גוטע זאַך, וואָס האָט לייכטער געמאַכט זיין וועהטאָג. מיט גרויס מאַטערניס האָט ער געעפענט איין אויג און האָט קוים געקאָנט ריהרען מיט דיא צוראַקטע, אָנגעשוואָלענע ליפּען. עס איז געווען טאָג, ווייל דורך דיא שפּאַלטען פון שיפּעל זיינען אַהין געקראָכען שטראַהלען פון דער זון. דערנאָך האָט ער מיט צרות אויפגעהויבען דיא האַנד צום פּנים און

האָט דאָרטין דערטאַפּט נאַסע לאַפּענס. לאַפּענס זיינען אויך גע־לעגען ביי איהם אויף דער ברוסט און אויפ'ן בויך. ער איז געווען אין גאַנצען אויסגעטהאָן, און דיא קעלט האָט פערקלענערט זיין וועהטאַג.

„אַ טרונק“... האָט ער ארויסגערעדט, פעריטטעהענדיג, אַז אימיצער דאַרף זיין לעבען איהם. אַ האַנד, וואָס האָט בשעת מעשה געציטערט, האָט זיך אויסגעצויגען איבער זיין קאָפּ, און צו איהם אין מויל האָט אימיצער אריינגעשטעקט דיא העלזעל פון אַ פלאַש. דיא פלאַש האָט געטאַנצט אין דער האַנד פון דעם, וואָס האָט זיא דערלאַנגט, און געהאַקט ארטעמ'ען איבער דיא ציינער. ווען אַרטעם האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, האָט ער געוואָלט וויסען, ווער איז דאָ לעבען איהם, אָבער ווען ער האָט געוואָלט אַ דרעה טהאָן דעם קאָפּ, האָט ער דערפיהלט אַ וועהטאָג אין האַלז. דעמאָלט האָט ער גענומען ריידען, זיך ווערגענדיג מיט יעדען וואָרט:

„בראַנפען... אַ גלעזעל אין דיא גידערים... און אויך אויסשמי־רען דיא לייב... דעמאָלט וואָלט איך... אויפגעשטאַנען... אפשר“...

„אויפשטע־עהן? איהר טאָרט ניט אויפשטעהן. איהר זייט אין גאַנצען בלאָ און פערשוואָלען, וויא אַ דערטרונקענער... אָבער בראָנפען—דאָס קען מען יע. בראָנפען איז פראַן... איך האָב אַ גאַנצע פלאַש מיט בראָנפען“...

מען האָט גערעדט שטיל, מיט אַ מין פחד און זעהר שנעל. ארטעמ'ען איז געווען בעקאַנט דיא דאָזיגע שטימע, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט דערמאָנען, וועמעס דאָס איז געווען, וועלכע פון דיא פרויען.

„גיב אַהער,“ האָט ער געזאָגט.

און אימיצער, וועלכער האָט משמעות ניט געוואָלט, אַז יענער זאָל איהם זעהן, האָט איהם ווידער דערלאַנגט דיא פלאַש פון הינ־טען איבער'ן קאָפּ. אַרטעם האָט מיט צרות געשלונגען דיא בראָנפען און מיט איין אויג האָט ער געקוקט אויפ'ן פייכטען און שווארצען דעק פון שיפעל, וואס איז געווען בעוואקסען מיט שוועמלעך.

ווען ער האָט אויסגעטרונקען מעהר וויא אַ פערטעל פלאַש האָט ער טיעף אָבגעזיפצט; איהם איז געוואָרען לייכטער; מיט אַ

באָרבעל אין ברוסט, האָט ער גענומען ריידען אויף אַ שוואַכען קול, אָהן שאַטירונגען:

„פיין האָט מען מיך בעאַרבייט... אָבער וואַרט... איך וועל אויפשטעהן. שטעה איך אויף... דעמאָלט—היט זיך״...

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט, אָבער ער האָט געהערט אַ שורך,—אַזוי וויא אימיצער וואָלט פון איהם אָבגעשפרונגען, — און דערנאָך איז ווידער געוואָרען שטיל, נאָר דיא כוואַליעס האָבען גערוישט, און ערגיץ ווייט־ווייט האָט מען געזונגען דיא „דובינושקאַ״ און געשריען „אוך״ — מען האָט מישמעות געשלעפט אַ שווערע מיטאַ. נאָכהער האָט אַ שנייד געטהאָן מיט אַ מאָדנעם פיסק דער פייפעל פון אַ דאַמפפער; דער פייפעל האָט זיך תיכף אָבגעהאַקט, און אין אַ פּאָאר סעקונדען אַרום האָט ער גענומען וואָיען מרה־שחורה׳דיג, עפּיס אַזוי וויא ער וואָלט זיך אויף אייביג געזעגענט מיט דער ערד... אַרטעם האָט לאַנג געוואַרט, מען זאָל איהם וואָס ענטפערן אויף זיינע ווערטער, אָבער שטיל איז געווען אַ נטער דעם שיפעל, און זיין שווערער דעק, דורכגעווייקט מיט אַ פּערפּוילטע גרינקייט, איז געהאַנגען און האָט זיך געוויעגט ביי איהם איבער׳ן קאָפּ, האָט זיך געהויבען און אַרונטערגעלאָזען, אַזוי וויא דער דעק וואָלט זיך לאַנגזאַם געציעלעוועט און ענדליך געוואָלט מיט אַ מאָל אַרויפפאַלען אויף איהם און איהם צוקוועטשען צו טויט.

אַרטעם האָט אויף זיך אַליין רחמנות געקראָגען. איהם איז עפּיס מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרען, אַז ער איז הילפלאָז וויא אַ קליין קינד, און אין דער זעלביגער צייט האָט איהם שטאַרק פערדראָסען וואָס ער איז אַזאַ. איהם, אַזאַ שטאַרקען, אַזאַ שיינעם, און מען זאָל מאַכען פאַר אַ קאַליקע, צורייסען דעם פּנים !... מיט דיא שוואַכע הענד האָט ער גענומען בעטאַפּען דיא ביילען און דיא געשווילעכטס ביי זיך אויפ׳ן געזיכט און אויף דער ברוסט, און דערנאָך האָט ער זיך מיט ביטערקייט אויסגעזידעלט און פונאַנדערגעוויינט. ער האָט געשלוכצעט, געצויגען מיט דער נאָז, זיך געזידעלט, און קאַם מאַכענדיג מיט דיא ברעמען, האָט ער מיט זיי אַרויסגעקוועטשט דיא טרערען, וואָס האָבען אָנגעפילט זיינע אויגען. דיא גרויסע און זודיגע

טרערן האָבען זיך געגאָסען איבער דיא באַקען, געראָנען צו איהם אין דיא אויערן... און ער האָט געפיהלט, אַז פון דיא טרערן רייניגט זיך עפּיס אויס ביי איהם אינעווייניג.

„גוט!... וואַרט נאָר!"... האָט ער געשעפּצעט מיט א געוויין.

און פּלוצלונג האָט ער דערהערט, אַז גאָר נאָהענט פון איהם' אזוי וויא אימיצער וואָלט איהם איבערגעקרימט, הערט זיך אויך א פערשטיקטער געוויין מיט א שעפּצען.

„ווער איז דאָס?" האָט ער געפרעגט שטרייננ, הגם ער גופא האָט זיך פּאַר עפּיס געשראָקען.

קיין ענטפער האָט ער ניט געקראָגען.

דעמאָלט האָט ארטעם צונויפגענומען אַלע זיינע כחות, זיך איבערגעקעהרט אויף א זייט, ארויסגעלאָזען פון וועהטאָג א ווילדען געשריי וויא א פערוואונדעטע חיה, זיך א ביסעל אויפגעהויבען אויף דיא עלענבויגעס און אין דער פינסטער האָט ער דערזעהן א קליינע פיגור, וואָס איז געזעסען ביים ברעג שיפעל, צונויפגענומען אין א קנויט. דער דאָזינער מענש האט געהאַלטען זיינע קניע ארומגע־נומען מיט דיא לאַנגע און דינע הענד, דעם קאָפּ צוגעדריקט צו דיא קניע, און זיינע פּלייצעס האָבען געציטערט. ארטעם'ען האָט זיך אָבגעדוכט, אַז דאָס זיצט א יונגער בחור'ל...

„קום אהער!" האָט ער געזאָגט.

אָבער יענער האָט ניט געפאָלגט און ניט אויפגעהערט צו טרייסלען זיך וויא אין קדחת. פון וועהטאָג און פון שרעק פּאַר דיא אונבעקאַנטע פיגור איז ארטעם'ען פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען, און ער האָט אַ געשריי געטהאָן מיט אַ ווילדען קול:

„קו־ום!"

און פון ווינקעל האָט זיך געגעבען אַ שאָט א גאַנצער האָגעל מיט ווערטער, וואָס דער מענשעל האָט זיך געאיילט אַרויסצוריידען מיט א ציטערדיגע שטימע:

„וואָס פּאַר א רעה האָב איך אייך געטהאָן? פּאַר וואָס שרייט איהר אויף מיר? איך האָב אייך דען ניט אויסגעוואַשען מיט וואַסער, און ניט געשטילט אייער דורשט, און ניט געגעבען אייך בראָנפען?

איך האָב דען ניט געוויינט, ווען איהר האָט געוויינט, און ניט גע־פיהלט א וועהטאָג, ווען איהר האָט געקרעכצעט? אָ, גאָט מיין גאָט! אפילו ווען איך טהו א מענשען גוטס, האָב איך דערפון אויך נאָר צרות! וואָס פאַר א רעה האָב איך אייך געטהאָן, אייער נשמה און אייער לייב? וואָס פאַר א רעה קען איך אייך טהאָן—איך! איך! איך!"

און דער מענש האָט איבערגעריסען זיינע רייד, זיך פונאנדער־געוויינט הויך אויפ׳ן קול, איז אָבער באַלד אנטשווינגען געוואָרען, זיך אָנגעכאַפּט מיט דיא הענד פאַר׳ן קאָפּ און גענומען זיך שאָקלען רעכטס און לינקס, זיצענדיג אויף דער ערד.

„קין! דאָס... דוא ביסט דאָס!

„נו, וואָס איז? דאָס בין איך!

„דוא? נו, נו! דאָס אַלין—דוא האָסט דאָס דאָרערט? אי־אי! דוא קום נאָר אהער. נו, נאָר איינער!

ארטעם האָט ניט ערוואַרטעט אזא בעגעגענים און האָט זיך פערלאָרען, אָבער אין דער זעלבינגער צייט האָט ער דערפיהלט, אז אין איהם האָט זיך אָנגעצונדען א מאָדנע שמחה. ער האָט זיך אפילו פונאַנדערגעלאַכט, ווען ער האָט דערזעהן, וויא דער איד פוי־זעט צו איהם אויף אַלע פיער מיט ניט־זיכערע טריט, און וויא עס ווינקען ביי איהם, אָפּט־אָפּט און מיט אַן אויסדרוק פון שרעק, דיא קליינע אויגעלעך אויפ׳ן מיאוס׳ען פנים, וואָס איז אַרטעם׳ען געוועזן בעקאַנט אזא לאַנגע צייט.

„גענוג, האָב קיין מורא ניט! איך שווער דיר מיט גאָט׳ס נאָ־מען, אַז איך וועל דיך ניט אנריהרען!" האָט ער געפונען פאַר נויטיג צו ערמונטערן דעם אידען.

קין האָט צוגעפּויזעט צו זיינע פיס, זיך אָבגעשטעלט און גענו־מען קוקען אויף זיי מיט אזא רחמנות־שמייכעל, פונקט וויא ער וואָלט ערוואַרטען, אַז אָט־אָט צוטרעטען דיא פיס זיין קערפּער, וואָס איז אויסגעדאַרט געוואָרען פון שרעק.

„נו!.. אט וואס דוא קענסט! און דאס אליין האסט דוא געטהאן? ווער האט דיך געשיקט—אנפיסא?׳ האט זיך נאכגעפרעגט ארטעם, קוים ריהרענדיג מיט׳ן צונג.

„איך בין אליין געקומען!

„אליי־יין? זאגסט א ליגען!

„אין זאג ניט קיין ליגען, איך זאג ניט קיין ליגען! האט מיין שנעל גענומען שעפצען. „איך בין אליין געקומען — איך בעט אייך— גלויבט מיר! איך וועל דערציילען, וויא אזוי איך בין געקומען. אט הערט — איך האב זיך דערפון דערוואוסט אין גראבילאוויקא... איך טרינק טהעע און הער: ארטעם׳ען האט מען ביי נאכט דערהרג׳עט צום טויט. איך גלויב ניט—פכע! וויא קען דאס זיין, אז אייך זאל מען דערהרג׳ען צום טויט? איך לאף זיך אונטער דיא וואנצען. א, קלער איך ביי זיך, איהר נאריישע מענשען! דער דאזיגער מענש איז — וויא שמשון הגבור, און ווער פון אייך קען איהם צו סטייער קומען? אבער מען קומט אלץ צוגעהן און מען זאגט: גע׳ממית׳ט, גע׳ממית׳ט! און מען זידעלט אייך, און מען לאכט... אלעמען טהוט הנאה... און איך האב גענומען גלויבען... און האב זיך דערוואוסט, אז איהר זייט דאדערט... מען איז שוין געקומען אהער קוקען אויף אייך און מען האט געזאגט, אז איהר ליעגט טויט... איך בין אוועק און געקומען און האב אייך דערזעהן... איהר האט געקרעכצעט, ווען איך בין דאדערט געשטאנען. איך האב געקוקט אויף אייך און ביי זיך געקלערט—דעם שטארקסטען מענשען אויף דער וועלט — און אט האט מען איהם אוועקגע׳הרג׳עט!... אזא קראפט, אזא קראפט!... איך האב אויף אייך, האט אויף מיר קיין פאראיבעל ניט, רחמנות געקראגען! איך האב א קלער געטהאן, אז מען דארף אייך ארומוואשען מיט וואסער... און איך האב דאס טאקי געטהאן, און פון דאס האט איהר גענומען קומען צו זיך... איך בין געווארען מלא שמחה... אך, וויא איך האב מיך דאס געפרייט!... איהר גלויבט מיר ניט, וואס? דערפאר, וואס איך בין — א זשיד? יע? ניין אבער, איך בעט אייך, איהר זאלט מיר גלויבען. איך וועל אייך זאגען, פאר וואס איך האב זיך דערפרייט און וואס איך האב ביי זיך

געטראכט... איך וועל זאָגען דעם אמת... איהר וועט ניט ווערען אין כעס אויף מיר?"

„אַט האָסטו מיין צלם! אַ דונער, זאָל מיך דערשלאָגען!" — האָט זיך גענומען שווערען איבער דיא כחות דער צושלאָגענער גבור.

קין האָט זיך צוגערוקט צו איהם נאָך נעהענטער און נאָך מעהר אַרונטערגעלאָזען זיין שטימע.

„איהר ווייסט, וויא גוט עס איז מיר צו לעבען? איהר ווייסט דאָס, יע? איך האָב דען, זייט מוחל, ניט געליטען פון אייך קיין קלעפּ? און איהר האָט דען ניט אָבגעלאַכט פון דעם פאַרכאַטען זשיד? וואָס? דאָס איז ניט אמת? אַ! האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך זאָג אייך דעם אמת, איהר האָט זיך דאָך געשוואָרען. זייט ניט אין כעס! איך זאָג נאָר, אַז איהר, וויא אַלע איבעריגע מענשען, האָבען גערודפט דעם זשיד... פאַר וואָס? אַ? איז דען אַ זשיד ניט דער זוהן פון אייער גאָט, און דען ניט איין גאָט האָט געגעבען אַ נשמה אייך און איהם?

קין האָט זיך געאיילט, געוואָרפען איין קשיה נאָך דער אַנדע־רער, ניט וואַרטענדיג אויף קיינע תירוצים: — אין איהם האָבען מיט אַ מאָל גענומען זידען דיא אַלע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט פער־צייכענט ביי זיך אין האַרצען דיא אויסגעשטאַנענע קריוודעס און בעליידיגונגען; איצטער האָבען זיי אַלע אין איהם אויפגעלעבט און אָט האָבען זיי זיך געגאָסען פון זיין האַרצען וויא אַ הייסער פאָנטאַן. אַרטעם האָט זיך געפיהלט אַזוי וויא שולדיג פאַר איהם.

„הער נאָר, קין", האָט ער געזאָגט מיט אַ פערשטיקטען קול, „רייד ניט דערפון! איך וועל דיך... אויב איך וועל דיך פון יעצט מאָל אָן אַ ריהר טהאָן מיט אַ פינגער... אָדער אַנאַנדערער — וועל איך צוהאַקען אויף שטיקער! האָסט פערשטאַנען?"

„אהא!" האָט קין אַ געשריי געטהאָן מיט נצחון און פון התלהבות האָט ער גענעבען אַפילו אַ שמאָקין מיט'ן צונג. „אָט זעהט איהר! איהר האָט זיך פאַר מיר פערזינדיגט... זייט מוחל! בייזערט זיך ניט אויף מיר דערפאַר, וואָס איהר ווייסט, אַז איהר האָט זיך פאַר מיר פערזינדיגט! איך זאָג, אַז ניט, אָבער איך ווייס

דאָך, אָ! איך ווייס, אַז איהר זייט שולדיג ווינציגער פון דיא אַנ־
דערע!... איך פערשטעה דאָס! זיי אַלע שפּייען נאָר אויף מיר מיט
זייערע פּאַסקודנע שפּייעכטס, אָבער איהר שפּייט אויף מיר און אויף
זיי אַלעמען! איהר האָט אַ פולע אַנדערע בעליידיגט ערגער פון מיר...
איך האָב דעמאָלט געטראַכט ביי זיך — אָט דער אַ שטאַרקער מענש
שלאָגט מיך און בעליידיגט מיך ניט דערפאַר, וואָס איך בין אַ זשיד,
נאָר דערפאַר, וואָס איך — אַזוי וויא זיי אַלע, בין ניט בעסער פון זיי
און לעב צווישען זיי... און... אַלע מאָל האָב איך מורא געהאַט פאַר
אייך און אייך האָלט געהאַט. איך האָב אויף אייך געקוקט און
געטראַכט, אַז איהר וואָלט אויך געקענט צורייסען מיט דיא הענד
אַ לייב און אויסהרג׳ענען דיא פּלשתים... איהר האָט זיי געשלאָגען...
און איך האָב האָלט געהאַט צו קוקען, וויא אַזוי איהר האָט דאָס
געטהאָן... און מיר האָט זיך אויך געוואָלט זיין שטאַרק, אָבער איך
בין וויא אַ פּלעה...

אַרטעם האָט זיך הייזעריג פונאַנדערגעלאַכט.

„אָט דאָס האָסטו אָן אמת געזאָגט — טאַקי וויא אַ פּלעה!...

דאָס, וואָס קין האָט צו איהם גערעדט, האָט ער כמעט ניט
פערשטאַנען, אָבער עס האָט איהם געטהאָן הנאה, דאס דיא קליינ־
צינקע פיגור פון אידען געפינט זיך לעבען איהם. און בעת קין האָט
געשעפּצעט איין אויפגערעגטער, האָבען זיך ביי איהם אין קאָפּ צו־
נויפגעשטעלט פּאַמעלאַך אייגענע רעיונות:

„וויא פיעל איז יעצט דער זייגער? עס מוז שוין זיין מיטאָג
צייט און קיין איינע קומט ניט צוגעהן מבקר חולה זיין דעם ליעבען
פריינד... און אָט דער זשיד איז געקומען.... האָט אויסגעהאָלפען,
זאָגט — איך האָב אייך האָלט, און איך האָב איהם בעליידיגט צייטענ־
ווייס... לויבט מיין גבורה... וועט זיא צו מיר ווען ניט איז קומען
צוריק? גאָטעניו, אויב זיא וואָלט נאָר קומען צוריק

אַרטעם האָט שווער געזיפצעט און זיך פאַרגעשטעלט, וויא ער
האָט צוהרג׳עט זיינע שונאים און זיי ליעגען, אַנגעשוואָלענע, אָט אַזוי
וויא ער. און זיי אויך, אַזוי וויא ער, וועלען זיך וואַלגערן אָהן כחות

ערגיץ אויף דר'ערד... אָבער צו זיי וועלען קומען צוגעהן אייגענע מענשען, חברים, און ניט א זשיד...

אַרטעם האָט א קוק געטהאָן אויף קין'ען, און עס האָט זיך איהם בעוויעזען, אז פון דיא רעיונות איז איהם ביטער געוואָרען אין גאָרגעל און אין מויל. ער האָט אויסגעשפיגען און שווער אָבגעזיפצעט.

און קין האט אלץ גערעדט, שרעקליך אויפגערעגט; פון אויפ־רעגונג איז ביי איהם פערקרימט געוואָרען דיא צורה און דער גאנ־צער לייב האט זיך געטרייסעלט.

„און ווען איהר האָט גענומען וויינען... האָב איך זיך אויך פונאנדערגעוויינט... אזוי שטארק האָט דאָס מיר פערקלעמט דאָס האַרץ פאַר אייער גבורה...

„און איך ליעג און קלער, ווער קרימט דאָס מיך איבער?" האָט אַרטעם אויסגערעדט מיט א פינסטערען שמייכעל.

„איך האָב אלע מאָל האָלט געהאַט אייער גבורה... און איך האָב געבעטען גאָט: דוא, אייבעגער גאָט אונזערער, אין הימעל און אויף דער ערד און אין דיא העכסטע און וויטעסטע הימלען! זאָל זיך א מאָל מאַכען, אז איך זאָל צוזייץ קומען אָט דעם א שטאַרקען מענשען! הלואי זאָל איך זיך מיט וואָס ניט איז אויספיינען פאַר איהם, און זיין גבורה זאָל זיך מיר אוועקשטעלען פאַר א שומר! מאַך, אז איך זאָל דורך איהר פערהיט ווערען פון דיא רדיפות, און דיא וואָס יאָגען מיך, זאָלען נעהן פערלאָרען פון דער דאָזיגער גבורה! אזוי האָב איך מתפלל געווען... און לאַנג האָב איך געבעטען מיין גאָט, אַז ער זאָל מיין שטאַרקסטען שונא מאַכען פאַר א מליץ יושר פאַר מיר, אַזוי וויא ער האָט מרדכי'ן געגעבען פאַר א בעשיצער דעם קיסר, וועלכער האָט מנצח געווען אַלע פעלקער... און אַזוי האָט איהר געוויינט, און איך האָב געוויינט. און מיט א מאָל האָט איהר אויף מיר א געשריי געטהאָן, און אַלע מיינע תפילות זיינען פערפאַלען געוואָרען"...

„איך האָב דען געוואוסט, וואָס... דוא מאָדנער מענש"... האָט זיך אַרטעם פערענטפערט און א שמייכעל געטהאָן.

אָבער קין האָט על כל פּנים קוים געהערט, וואָס יענער האָט געזאָגט. ער האָט זיך גע׳שאָקעלט, געמאַכט מיט דיא הענד און ניט אויפגעהערט צו שעפּצען מיט התלהבות, און אין זיינע רייד האָבען געקלונגען אַלערליי געפיהלען: אי שמחה, אי בטחון, אי אַ פערגע־טערונג פון דער גבורה פון דעם דאָזיגען איסקאַליעט׳שעטען מענשען, אי מורא, אי אַ שרעקליכער אומעט...

„מיין טאָג איז געקומען, און אָט בין איך איינער אַליין לעבען אייך... אַלע האָבען אייך אַוועקגעוואָרפען, און איך בין געקומען.. איהר וועט דאָך געזונד ווערען, אַרטעם? דאָס איז פאַר אייך קיין גרויסע סכנה ניט? און אייער גבורה וועט צו אייך קומען צוריק?

„איך וועל אויפשטעהן.. דאגה ניט... און דיך פאַר דיין גוט הארץ וועל איך בעהיטען, וויא אַ קליין קינד"...

אַרטעם האָט געפיהלט, אַז ביסלעכוויים ווערט איהם בעסער—דער לייב טהוט ניט וועה אַזוי שטאַרק און אין קאָפּ איז ביי איהם קלאָרער. מען דאַרף זיך אָננעהמען פאַר קין׳ען—וואָס טאַקי אין דער אמת׳ען? אָט ס׳אַראַ גוטער ער איז, ס׳אַראַן אָפענע האַרין ער האָט—רעדט אָפען, גלייך אין פּנים אריין, מיט אַ פולען מויל. ווען דער געדאַנק איז אַרויף אַרטעם׳ען אין מח, האָט ער פּלוצלונג געגעבען אַ שמייכעל—שוין אַ לאַנגע צייט וויא ער האָט עפּיס געוואָלט און אָט איצטער האָט ער פערשטאַנען, וואָס דאָס איז געוועזען.

„עסען וויל איך דאָס.. הער נאָר, קין, אפשר איז אַ סברה, אַז דוא זאָלסט מיר קריעגען עפּיס צום עסען?

קין איז אויפגעשפרונגען אויף דיא פיס מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז ער האָט זיך שיער ניט צופּלעט דעם קאָפּ אָן דעם באַלקען פון שיפעל. זיין געזיכט איז עפּיס גאָר אַנאַנדערע געוואָרען—עס האָט זיך דאָרטין בעוויעזען דער אויסדרוק פון קראַפט און אין דער זעלביגער צייט אַ מאָדנע העלקייט וויא ביי אַ קינד. אַרטעם, אָט דער אַ גבור וואָס מען געפינט נאָר אַזעלכע אין בבא־מעשיות, בעט עסען ביי איהם, ביי קין׳ען!

„איך וועל פאַר אייך מאַכען אַלין, אַלין! עס איז שוין אָנגע־גרייט, אָט דאָרטען, אין ווינקעל! איך האָב זיך אָנגעשפּייזט.. איך

ווייס, ווען אימיצער איז קראַנק, מוז ער עסען... נו, יע! און ווען איך בין אהער געגאַנגען, האָב איך אויסגענעבען אַ גאַנצען רובעל.

„מיר וועלען זיך אָברעכענען! איך וועל דיר אָבגעבען צעהן... איך קען דאס אויספיהרען... ניט מיין געלד... כ'וועל זאָגען—גיב! און מען וועט געבען...

און ער האט זיך גוטהערציג פונאַנדערגעלאַכט, און פון דעם געלעכטער האָט קין נאָך מעהר גענומען שיינען און האט אפילו אַ לאַך געטהאָן.

„איך ווייס... זאגט נאָר, וואָס איהר ווילט? איך וועל טהאָן אַלץ, אַלץ"...

„אַ... אט זעהסטו... אויב עס איז שוין יע אַזוי... טיק שמיר מיך אויס מיט בראַנפען! עסען גיב מיר ניט, נאָר אַ פריהער שמיר אויס... קענסט דאָס?

„און פאַר וואָס זאָל איך ניט קענען? וויא דער בעסטער דאָקטאָר וועל איך מאַכען!

„גוט! וויא דוא שמירסט מיך אויס, שטעה איך באַלד אויף.

„איהר וועט אויפשטעהן? אָך, ניין, איהר קענט ניט אויפשטעהן!...

„איך וועל דיר בעווייזען, אז איך קען יע! וואָס מיינסטו, איך וועל דאָרט בלייבען נעכטיגען? דוא מאָדנער מעניש... בעסער שמיר מיך אויס און כאַפּ זיך אַריבער אין פאָרשטאָדט צו דער קוכען־בעקערקע מאָקיעווגאַ... און זאָג איהר, אַז איך וועל זיך צו איהר אין הויף אריבערקלייבען וואָהנען, אין שייער, וואו זיא האַלט האָלץ... זאָל זיא מיר דאָרטין אויסבעטען אויף שטרוי. ביי איהר וועל איך זיך אויסליעגען... אָט! פאַר אַלץ וועל איך דיר בעצאַהלען... האָב קיין מורא ניט!

איך גלויב," זאָגט קין, אָנגיסענדיג בראָנפען אַרטעם'ען אויפ'ן ברוסט. „איך גלויב אייך מעהר וויא זיך אַליין... אָך, איך קען אייך!

„או־או! רייב, רייב... נישט קשה, זאָל וועה טהאָן... רייב כסדר... א־א־אַ!... אָט אַזוי, אָט אַזוי, אָט אַזוי," האָט געברומט אַרטעם...

„איך וועל פאַר אייך גערן אין וואַסער," ערקלערט זיך קין אין ליעבע.

„אזוי, אזוי, אזוי... דיא פליינקע, דיא פליינקע רייב... אַך, טייוולאָנים! וויא זיי האָבען מיך דאָס צובינעלט! און אלין איז דיא ווייבעל שולדיג. אויב דיא ווייבעל וואָלט זיך ניט אונטערגעדרעהט, וואָלט איך געווען ניכטער... און ווען איך בין ניכטער — פּרוביר נאָר קריכען צו מיר!

קין איז שוין אריין אין דיא ראָליע פון א דינער און האָט ערקלערט:

„אָ, דיא פרויען! דאָס זיינען אַלע עבירות פון דער וועלט... ביי אונז, אידען, איז אַפילו פראַן א בעזונדערע תפילה, וואָס מען זאָגט אין דער פריה: געלויבט ביסטו גאָט, אונזער גאָט, דער קעניג פון דער וועלט, דערפאַר וואָס דוא האָסט מיך ניט בעשאַפען א פרוי...

„נו? טאַקי? האָט א געשריי געטהאָן אַרטעם. „אָט אַזוי טאַקי, גאָר אָהן חכמות, לויבט איהר גאָט? אָט ס'אַרא מאָדנע מענשען איהר זייט... וואָס איז זיא דען פאַר א ווערד, דיא פרוי? זיא איז מעהר ניט וויא א נאַר... אָבער אָהן איהר קען מען אויך ניט אויסקומען... מען זאָל אָבער לויבען גאָט דערפאַר... דאָס איז ניט קיין פיינקייט פון אייך... וויא זאָל איהר דאָס ניט פערדריסען, דער פרוי, מיין איך! זיא האָט דאָך עפּיס אויך א געפיהל...

ער איז געלעגען, גרויס וויא א באַרג, און האָט זיך ניט גע־ריהרט מיט קיין אבר; דיא געשווילעכטס האָט איהם געמאַכט נאָך גרעסער וויא ער איז געווען, און קין, דער קליינער און דאַרער נפיש, האָט זיך געדרעהט אַרום איהם און פערלאָרען דיא כחות איהם איינרייבענדיג דיא זייטען, דיא ברוסט, דעם לייב, און האָט נאָכאַנאַנד געהוסט פון דעם שטאַרקען ריח פון דיא בראָנפען.

איבערן ברעג טייך זיינען איטליבע מינוט פאַרבייגעגאַנגען מענשען, עס האָבען זיך געהערט טריט און קולות. דאָס שיפעל איז געלעגען ביי א זאַמדיגען משופּה'דיגען בערגעל, מעהר פון איין אייל דיא הויך, און פון אויבען האָט מען דאָס געקאָנט זעהען נאָר

פון סאַמען עק באַרג. דער שמאָלער פּלאַץ צווישען דעם שיפעל און דעם טייך איז געווען בעדעקט מיט זאַמד, מיט שפּענדלעך און מיט מיסט. אונטער׳ן שיפעל איז נאָך געווען בלאָטיג. היינט אָבער האָט זיא עפּיס טשיקאַווע אינטערעסירט מענשען. קין און אַרטעם האָבען בעמערקט, וויא נאָכאַנאַנד געהט מען פאַרביי, וויא מען זעצט זיך אויפ׳ן דעק, וויא מען קלאַפּט מיט דיא פיס אין דיא זייטלעך... אויף קין׳ען האָט דאָס שלעבט געווירקט. ער האָט אויפגעהערט צו ריידען און זיך דרעהענדיג אַרום אַרטעם׳ען, האָט ער געשמייכעלט, און אין זיין שמייכעל איז געלעגען רחמנות און שרעק.

„איהר הערט?

„איך הער,״ האָט אַ שמייכעל געטהאָן דער גבור צופריעדע־נערהייט. „איך פערשטעה... זיי ווילען דערגעהן, ווען איך וועל וויע־דער בעקומען צוריק מיין כח... זיי דאַרפען דאָך דאָס וויסען... דיאביינער זייערע אָנצוגרייטען... כאַ־כאַ! שדים! זיי פערדריסט מן הסתם, וואָס איך האָב ניט געפּוגר׳ט... זייער אַרבייט איז איצטער אַרויסגעוואָרפען...

„איהר ווייסט וואָס?״ האָט איהם קין געזאָגט שטיל אויפ׳ן אויער, מיט דער מינע פון אימה און התראה. „איהר ווייסט? אָט וועל איך יעצט אַוועק און איהר וועט פערבלייבען איינער אַליין... און זיי וועלען דעמאָלט קומען צו אייך און... און...

אַרטעם האָט געעפענט דאָס מויל און זיך שטאַרק פונאַנדער־געלאַכט אויף אַ הייזעריגען קול.

„אַך, דוא... צורה מיאוסע! דוא מיינסט, הייסט דאָס, אַז זיי האָבען דאָס פאַר דיר מורא, וואָס? אַך דוא איינער!

„אַ! אָבער איך קען זיין אַן עדות!

„זיי וועלען דיך מכבד זיין!... כאַ־כאַ־כאַ! אָט דעמאָלט גנעה אָגען עדות!... אויף יענער וועלט!״

קין׳ס שרעק איז פעריאָגט געוואָרען מיט אַרטעם׳ס געלעכטער, און דעם פּלאַץ פון שרעק האָט פערנומען אין דער שמאָלער איינ־געפאַלענער ברוסט פון דעם אידען אַ שטייפע און פרייליכע זיכער־קייט. איצטער וועט זיין לעבען אַוועק אויף אַנאַנדער דרך, איצטער

איז ביי איהם פראַן א מעכטיגע האַנד, וואָס וועט שטענדיג אָבּפּיה־רען פון איהם דיא קלעפּ און דיא אונגערעכטיגקייטען פון דיא מענ־שען, וועלכע האָבען איהם געמאַטערט. ווייל זיי האָבען ביז אהער ניט מורא געהאַט פאַר קיין שום שטראָף.

———

עס איז פאַרביי בקרוב א חדש.

איין מאל נאכמיטאג, אין א צייט, ווען דאס לעבען אין שיכאַן ווערט מאָדנע אנגעשטריינגט, ווערט עפּיס געדיכטער און קאכט אויף. ווען אַרום די פערקויפער פון עסענווארג שטעהען גרויסע רעדלעך אר־בייטער פון די שיפען און פון האַפען מיט ליידיגע מאגענס און הויך אויפ'ן קול, איבערשרייענדיג איינער דעם צווייטען, פאַדערן זייא עסען. און דיא גאַנצע גאַס פילט זיך אן מיט'ן וואַרעמען ריח פון געקאכטע פלייש, — אין דער צייט האַט אימיצער מיט א האלבען מויל אַ געשריי געטהאן:

„אַרטעם געהט!

עטליכע אבגעריסענע באָסיאַקעס, וועלכע האבען זיך ארומ־געשלעפּט פּוסט־און־פּאַס איבערן גאַס, וואַרטענדיג אויף א געלע־גענהייט צו כאַפּען א כשר'ע מציאה, זיינען ערגיין נעלם געווארען. די תושבים פון שיכאַן האבען אונרוהיג און נייגיריג א קוק געגעבען מיט אַ קרומען אויג אין דער זייט, פון וואנען עס האַט זיך דערהערט די התראה.

אויף ארטעם'ען האט מען שוין לאנג געווארט; אין זיין קומען איז מען געווען מיעף אריינגעטהאן און מיט היין האט מען געערדט מכח דעם, ווי אזוי ער וועט אויסזעהן דעם ערשטען מאל?

פּונקט ווי אלע מאל איז אַרטעם געגאנגען אין מיטען גאס רוהיג און פּאַמעלאַך, אט אזוי ווי עס געהט אויף א שפּאציער א זאטער מעניש, זיין אויסזעהן איז אויף א האאר ניט פערענדערט געווארען. ווי אלע מאל איז דער יאק בייא איהם געהאנגען אויף איין פלייצע, דאס היטעל איז געווען פעררריסען אין א זייט... און דיא שווארצע לאָקען האבען זיך צושאטען איבערן שטערן, אויך ווי אלע מאל; דעם גרויסען פינגער פון דער רעכטער האנד האט ער אריינ־

געשטעקט אין גארטעל, דיא לינקע האנד איז געלעגען טיעף אריינ־
גערוקט אין דער הויזען־קעשענע, און דיא גבור'ישע ברוסט האט זיך
אויסגעשטעלט פאראוים. גאר אין זיין שיינעם געזיכט איז געלעגען
מעהר שכל וויא פריהער — דאס איז געוויינליך דיא מעשה מיט'ן
מענשען, ווען ער שטעהט אויף פון א קראנקען בעט. ער איז געגאנגען
און האט געענטפערט אויף דיא „גוט מארגענס" פויל שאקלענדיג
מיט'ן קאפ.

דיא גאנצע גאס האט איהם בעגלייט מיט דיא אויגען און מען
האט זיך פשוט ניט געקאנט אבוואונדערן פון דער דאזיגער גבורה,
וואס קען גאר ניט צוברעכען ווערען און האט אזוי ליבט אריבער־
געטראגען קלעפ. אין גאס זיינען געווען א סך מענשען, וועלכע האבען
מיט רשעת געדעדט פון זיין געזונד ווערען, מיט פעראכטונג האבען
זיי געזידעלט דיא חברה, וואס האט ארטעם'ען ניט אבגעשלאגען
דיא לונגען און ניט איבערגעבראכען דיא ביינער. יוויא קען דאס זיין,
אז עס זאל זיך געפינען א מענש אויף דער וועלט ווען מען זאל
גאר ניט קענען פטר'ען אויף טויט! . . . אנדערע ווידער האט דיא
געשיכטע הנאה געטהאן און זייא האבען געזעהן צו טרעפען, וויא
אזוי דער גבור וועט זיך אברעכענען מיט'ן רויטען באק און יענעמ'ס
חברים. וואס מעכטיגער אימיצענ'ס קראפט איז, פערבלענדט זיא
אלץ מעהר דיא אויגען, און דער גרעסטער טהייל פון עולם איז
געווען פער־כישופ'ט פון ארטעמ'ס קראפט.

און ארטעם איז דערווייל אריין אין „גראבילאוואקא" — דעם
קלוב פון שיכאן.

ווען זיין הויכע און מעכטיגע געשטאלט האט זיך בעוויעזען
אויפ'ן שוועל פון טראקטיר, זיינען ווייניג געסט געווען און לאנגען
צימער מיט'ן ניעדעריגען האלב־קיילעכדיגען באלקען, אויסגעלעגט פון
ציגעל. ווען ארטעם איז אריין, האבען זיך דערהערט צוויי־דריי
געשרייען, עס איז געווארען עפיס א רוקענים און א דרעהענים
און אימיצער האט זיך וויא א קאין א ווארף געטהאן אין ווייטען
ווינקעל פון דעם דאזיגען גרוב וואו עס האט געדונען פון דיא ווענד,
וואו דיא לופט איז געווען פול מיט'ן עיפוש'דיגען רויך פון וואלווע־

לעז טאבאק, און וואו יעדע ברעקעלע איז געוועזן דורך און דורך פערשימעלט און פערבלאָטיגט.

ארטעם האָט קיינעם ניט געוואָלט בעמערקען. ער האָט א פיהר געטהאָן מיט דיא אויגען איבער'ן טראַקטיר און ווען דער ישינקער כאַווקא כליעבניקאָוו האָט איהם פריינדליך געגריסט, האָט ער געענטפערט אויף יענעם'ס גוט־מאָרגען מיט דער פראַגע:

„קין איז ניט געוועזן?

„דארף באלד זיין... זיין צייט איז נאָהענט"... ארטעם איז צוגעגאַנגען צו א טיש, וואָס איז געשטאַנען ביי איינעם פון דיא פענסטער מיט אייזערנע גראַטקעס, האָט בעשטעלט טהעע, אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש זיינע ריעזיגע הענד און גענומען גלייכגילטיג קוקען אויפ'ן עולם. אין טראַקטיר זיינען געוועזן א מאַן צעהן, אַלין באָסיאַקעס; זיי זיינען געשטאַנען אין א רעדעל ּעבען צוויי טישען און פון דאָרטען האבען זיי געלויערט אויף אַרטעם'ען. ווען זייערע אויגען פלעגען בעגעגענען דיא אויגען פון שיינעם יונג, פלעגט ביי דער הברה ווערען קאַלאַמוטנע אויפ'ן הארצען און זיי פלעגען אָנהויבען צו שמייכלען מיט א רחמנות פנים; עס איז געוועזן קאָנטיג, אַז זיי האָבען געוואָלט אריינטרעטען מיט ארטעם'ען אין א שמועס, אָבער יענער האָט אויף זיי געוואָרפען א שווערען פינסטערען קוק. און אַזוי האָבען געשוויגען און ניט געהאַט דיא העזה אָנצופאַנגען מיט איהם צו ריידען. כליעבניקאָוו איז געוועזן פערנומען הינטער'ן בופעט מיט זיינע פלעשלעך און גלעזלעך און זינגענדיג אונטער'ן נאָז עפּעס א ליעדעל, האָט ער געקוקט ארום זיך מיט אויגען פון א פוקס.

פון גאַס האָט זיך געגאָסען אין דיא פענסטער א הילכעדיגער געפילדער; עס האָט זיך געהערט, וויא מען האָט זיך דאָרטין געזידעלט און געשאָלטען מיט אָבגעוואַשענע קללות, וויא מען האָט זיך געשוואָרען, וויא הענדלער האָבען געשריען. ערגיין גאָר נאָהענט איז מיט א בריאַזג אראָפּגעפאלען א פלאַש און האָט זיך צובראָכען אויף דיא שטיינער. אַרטעם'ען איז געוואָרען אומעטיג אין דעם פערשטיקטען שיינק...

„נו, איהר וועלף“, האָט ער מיט א מאָל גענומען ריידען הויך און ציהענדיג דיא ווערטער. „וואָס זייט איהר שטיל געוואָרען? רייסען דיא אויגען און שווייגען“...

„ריידען קענען מיר אויכעט, אייער שטריינגע עקסעלענץ!“ האָט געזאָגט דער אָבגעשמיסענער חתן, זיך אויפהויבענדיג פון זיין אָרט, און איז צוגעגאַנגען צו ארטעם'ען.

דאָס איז געווען א דאַרער מענשעל אין א פּאַרוסינעווען יאַק און זעלנערשע הויזען, א פּליכעוואַטער, מיט א שפּיציגע בערדעל, מיט קליינע רויטע אויגען, וואָס האָבען געווינקט מיט א בייזען גלאַנץ.

„מען זאָגט, אז דוא ביסט געווען קראַנק?“ האָט ער א פרעג געטהאָן, זיך זעצענדיג אנטקעגען אַרטעם'ען.

„נו?

„גאָר ניט... מען האָט דיך א צייט ניט געזעהן... וויא פיעל מאָל האָב איך זיך נאָכגעפרעגט נאָך דיר: וואו איז דאָס ארטעם אהינגעקומען? הערסט, עס האָט זיך איהם גאָר פערוואָלט צו קריינקען!

„אזוי... נו?

„נאָך א מאָל... נו? נאָמיר פאָהרען ווייטער... וואָס האָט דיר וועה געטהאָן?

„און דוא ווייסט ניט?

„איך בין דען געווען דיין דאָקטאָר?

„און אָלץ, וואָס דוא זאָגסט איז ליגען, דוא הונד איינער,“ האָט געזאָגט ארטעם מיט א קרומען שמייכעל. „צו וואָס ליגסטו? דוא ווייסט דאָך דעם אמת?

„אוודאי ווייס איך“, האָט געזאָגט דער אָבגעשמיסענער חתן אויך מיט א קרומען שמייכעל.

„פאַר וואָס־זשע זאָגסטו א ליגען?

„א ליגען איז קליגער, אזוי קומט ביי מיר אויס...

„קליגער! אזוי, דוא מענש איינער!... א גאָרנישט ביסטו!

„יע... מען זאָל דיר זאָגען דעם אמת, קענסט נאָך אין כעס ווערען; אַ קשיה אויף דיר...

„שפּייען וויל איך אויף דיר!

„אַ דאַנק כאָטש דערפאַר! און מיט אַ גלעזעל בראַנפען ווערסט דאָס מיך גאָר ניט מכבד זיין פון שמחה. וואָס דוא ביסט געזונד געוואָרען?

„הייס דערלאַנגען...

דער חתן האָט בעשטעלט אַ האַלבע פלעשעל בראַנפען און איז גאָר אַ לעבעדיגער געוואָרען.

„ס'אַראַ לייכטען לעבען דוא האָסט דאָס, ארטעם!... תמיד האָסטו געלד...

„נו, וואָס איז?

גאָר ניט... דיא פרויען העלפען דיר אויס!... פערפלוכט זאָלען זיי ווערען!

„און אויף דיר קוקען זיי ניט.

„וויא קומען מיר צו דיר, מיר וואָלטען געהאַט אַזעלכע פּיס וויא דיינע, וואָלטען מיר געגאַנגען מיט דיר אין איין וועג, אָהן אַ טענה", האָט אָבגעזיפצעט דער חתן.

„מחמת אַ פרוי האָט האָלט אַ געזונדען מעניטשען. וואָס ביסטו? און איך בין — אַ ריינער מענש, אָט וואָס...

אויף אַזאַ שטייגער פלעגט ארטעם רעדען מיט דיא באָסיאַקעס. זייז גלייכגילטיגע, פוילע און געדיכטע שטימע האָט געמאַכט זיינע ווערטער קרעפטיגער און שווערער, און זיי זיינען שטענדיג געוועזן אי גראָב אי פול מיט בעליידיגונגען. ער האָט אפשר געפיהלט, אַז דיא דאָזיגע מענשען זיינען אין אַ סך ענינים ערגער פון איהם, אָבער אַלע מאָל קליגער.

... עס איז אַריין קין מיט זיין קעסטעל סחורה אויף דער ברוסט און מיט אַ געלע ציצענע קליידעל, וואָס איז געהאַנגען איבער דיא לינקע האַנד. אַ צוגעדריקטער מיט'ן געפיהל פון שרעק, וואָס האָט איהם קיין מאָל ניט אָבגעלאָזען, איז ער געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר, האָט אויסגעצויגען זיין האַלז און מיט אַן אונרוהיגען שמייכעל

בעקוקט דעם טראַקטיר, אָבער ווען ער האָט דערזעהן אַרטעמ'ען, האט זיין גאַנצע צורה גענומען שיינען פון שמחה. אַרטעם האָט אויף איהם געקוקט מיט אַ ברייטען שמייכעל און דיא ליפען האָבען זיך ביי איהם גערירט.

„קריך אַהער, צו מיר!" האט ער צו קין'ען אַ געשריי געטהאָן; דערנאָך האָט ער זיך אומגעקעהרט צום חתן און מיט חוזק איהם אָבגעגעבען אַ בעפעהל:

„און דוא טראָג זיך אָב פון דאַנען... לאָז אַ מענשען זיך זעצען"...

דעם חתן'ס פּרצוף, בעדעקט מיט געלע, האַרטע האָאר, איז אויף אַ רגע פערשטיינערט געוואָרען פון התפעלות און פערדרוס; ער האָט זיך לאַנגזאם אויפגעהויבען פון שטוהל, אַ קוק געטהאָן אויף דיא חברים, וועלכע זיינען ניט ווינציגער פון איהם נשתומם געוואָרען. אויף קין'ען, וועלכער איז געגאַנגען צום טיש פאָרזיכטיג און קוים אָנריהרענדיג דיא ברעטער פון דער פּאָדלאָגע מיט זיינע שטיוועל... און פּלוצלונג האָט ער בייז אויסגעשפּיגען:

„טפו!"

נאַכדעם איז ער פּאַמעלאַך און שטילערהייט אוועק צו זיין טיש, וואו עס האָט זיך תיכף דערהערט אַ פערשטיקטער שמועס, אין וועלכען מען האָט געקאָנט קלאָר דערקענען דיא נאָטען פון חוזק און רשעת. קין האָט אַלץ געשמייכעלט, וויא אַ פערלאָרענער, מלא שמחה, און אין דער זעלביגער צייט האָט ער געוואָרפען פון דער זייט אונרוהיגע אויגען אין דעם ווינקעל, וואו עס איז געזעסען דער בעליי־דיגטער חתן מיט זיין חברה.

און אַרטעם האָט גערעדט צו איהם גוטהערציג:

„נו, סוחר, נאָמיר טהעע טרינקען, וואָס?... מען דאַרף קויפען אַ קובען,— וועסט עסען קובען? וואָס קוקסטו אַהין?... שפּיי אָן אויף זיי, האָב קיין מורא ניט.... וואַרט נאָר, איך וועל זיי באַלד אַנ'מוסר'ן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אַ רוק געטהאָן מיט דער פּלייצע און זיין יאַק איז אַראָבגעפאַלען אויף דר'ערד, און איז צוגעגאַנגען צום

טיש פון דיא אונצופריעדענע. הויך און שטארק, אויסשטעלענדיג דיא ברוסט, הויבענדיג דיא אקסלען און מיט אלע מיטלען ארויסווייזענדיג פאר זיי, ס׳ארא גבורה ער האט אין זיך, איז ער געשטאנען אנט־קעגען דער חברה, מיט א קרומען בייזען שמייכעל אויף דיא ליפען, און זיי זיינען פערגליווערט געווארען אויף זייערע פלעצער, שטום וויא דיא וואנד און שוין אנגעגרייט צו מאכען א ויברך.

„נו,״ האט אנגעפאנגען ארטעם, „וואס ברומט איהר?״

עס האט זיך איהם געוואלט זאגען עפים א ישרעקליך־שטאר־קען ווארט, אבער ער האט ניט געהאט קיין ווערטער און האט זיך אבגעשטעלט...

„מענסט דבר׳ן מיט א מאל!״ האט א מאך געטהאן מיט דער האנד דער אבגעשמיסענער חתן, פערקרימענדיג דיא ליפען. „זאלסט בעסער אבשטעהן פון אונז אויף אלע פיער זייטען, דוא נאט׳ס גולם!״....

„שווייג!״ האט ארטעם א פיהר געטהאן מיט דיא ברעמען.. „ביסט אין כעס... עס שטעהט דיר ניט אן, וואס איך חבר זיך מיט א זשיד, און דיך האב איך אוועקגעטריבען... איך זאג אייך אלעמען, —ער, דער זשיד, איז בעסער פון אייך! מחמת ביי איהם איז דא א געפיהל צו אנאנדער מענשען... און איהר האט קיין געפיהל ניט... ער איז נאר א פערמאטערטער... און אט איצטער נעהם איך איהם אונטער מיין האנד... און אויב וואס׳ער ניט איז פערזעהענים פון אייער כאפטע וועט איהם בעליידיגען — זאל ישוין יענער רעמאלט בעסער אבזאגען וידוי בעצייטענס! איך בין מודיע אין קלארע ד בורים: ניט שלאגען וועל איך, איך וועל מאטערן...

אין דיא אויגען האט זיך ביי איהם בעוויעזען א ווילדער פייער, דיא אדערן אויפ׳ן האלז האבען זיך אנגעבלאזען און דיא נאזלעכער — גענומען ציטערן.

„דאס וואס מען האט מיך א שיכור׳ן צושלאגען, איז ביי מיר ווערטה א שפיי! קיין כחות איז ביי מיר ניט אבגעקומען, נאר דאס הארץ האט מען מיר געמאכט הארטער... אט אזוי זאלט איהר וויסען! און פאר קין׳ען, פאר איטליכען שלעכטען ווארט, וואס מען

וועט איהם זאָגען, וועל איך זיך אָננעהמען. און ממית׳ען וועל איך אָט טאַקי צום טויט. איהר קענט דאָס אַלעמען זאָגען פון מיינעטוועגען...

ער האָט טיעף אָבגעצויגען דעם אטהעם, אזוי וויא ער וואָלט פון זיך ארונטערגעוואָרפען א שווערע מישאַ; ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיי מיט׳ן רוקען און איז אוועק..

„פיין אָבגע׳דרשן׳ט!“ האָט דער אָבגעשמיסענער חתן א געשריי געטהאָן מיט א האַלבען מויל און זיין צורה האָט זיך פערקרימט אין גרויס אומעט, בעת ער האָט געקוקט, וויא אַרטעם זעצט זיך אוועק אַנטקעגען קין׳ען.

קין איז געזעסען ביים טיש, בלייך פון אויפרעגונג, און האָט ניט געקאָנט אָברייסען פון אַרטעם׳ען דיא אויסגעגלאָצטע אויגען, און אין זיי איז געלעגען א געפיהל, וואָס איז שווער אויסצודריקען מיט ווערטער.

„האָסט געהערט?“ האָט איהם שטריינג געפרעגט דער שייגער יונג. „אָט... גערייניקט־זשע, וויא נאָר אימיצער וועט דיך אַנריהרען, לויף צו מיר און זאָג. איך וועל דיא מינוט קומען און איהם צונווינטעוועז דיא ביינער...

דער איד האָט עפּעס געשעפּצעט, האָט געבעטען נאָט אָדער געדאַנקט דעם מענשען. און דער אָבגעשמיסענער חתן מיט זיין חברה האָבען אין דער שטיל איבערגערעדט צווישען זיך און גענומען אַרויסגעהן פון טראַקטיר איינער נאָכ׳ן אנדערן. ווען דער התן איז פאַרביינעגאַנגען אַרטעם׳ס טיש, האָט ער געזונגען אונטער׳ן נאָז:

„ווען אין צונאָב צו מיין קאָפּ
קריעג איך געלד א פולען טאָפּ,
ווער איך—אוי—א מענש א פראַכט—
כ׳וואָלט גע׳שיכור׳ט טאָג און נאַכט...

און א קוק געבענדיג אַרטעם׳ען גלייך אין געזיכט אַריין, האָט ער אונערוואַרטעט געענדיגט דאָס ליעדעל מיט זיינע אייגענע ווערטער, ער האָט זיך דערביי געקרימט און צום טאַקט געטאָפּעט מיט׳ן פוס:

„און דיא טם׳עוואטע יונגען
כ׳וואָלט אין שווארצען ים דערטרונקען.
אָט אַזוי!

און האָט זיך שנעל ארויסגע׳גנב׳עט דורכ׳ן טהיר.

אַרטעם האָט זיך אויסגעזידעלט און ארומגעקוקט. אין דעם האַלב־פינסטערען, פעררויכערטען און עיפּוי׳ט׳דיגען גרוב זיינען געבליע־בען בלויז דריי מענישען — ער, אַנטקענען איהם קין און הינטער׳ן בופועט סאַווקא.

סאַווקע׳ס גנב׳שע אויגעלעך האָבען זיך בעגעגענט מיט אר־טעם׳ס שווערען קוק און אויף זיין לאַנגע צורה האָט זיך דיא רגע ארויפגעצויגען דער אויסדרוק פון אַ זיסער צניעות.

„פיין און שיין האָסטו געהאַנדעלט, אַרטעם מיכאַיליטש!“ האָט ער געזאָגט, גלעטענדיג זיין באָרד. „נאָר וויא עס איז געבאָ־טען אין דיא הייליגע ספרים... וויא אין דער מליצה מיט׳ן גוטהער־צ׳גען שמרוני... אין עיפּוש איז געלעגען קין, בעדעקט מיט קרעין... און אָט דוא האָסט זיך פון איהם ניט אָבגעקעהרט...

אַרטעם האָט געהערט ניט זיינע ווערטער, נאָר זייער וויעדער־קלאַנג. דער ווידערקלאַנג האָט זיך געטראָגען פון דעם קיילעבדיגען באַלקען און אין געדיכטע טענער איז ער געקראָכען אין דיא אויערן. אַרטעם האָט געשווויגען און געשאָקעלט שטיל ערהייט מיט׳ן קאָפּ, אַזוי וויא ער וואָלט וואָלען אַוועקטרייבען פון זיך דיא דאָזיגע טענער. אין זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו שווימען און האָבען זיך איינגעביסען צו איהם אין דיא אויערן און איהם גערייצט. עס איז געווען אומע־טיג, דיא לופט איז געווען פערשטיקט. אַ מאָדנע שווערקייט האָט זיך אוועקגעלעגט אַרטעם׳ען אויפ׳ן האַרצען.

ער האָט געקוקט אויף קין׳ען, ניט אָבבייסענדיג פון איהם דיא אויגען. מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, זיך ברענענדיג דיא ליפּען און בלאָזענדיג אויפ׳ן ספּאָדיק, האָט דער איד זשעדנע געטרונקען דיא טהעע און דער ספּאָדיק האָט געטאַנצט ביי איהם אין דיא הענד. צייטענווייס האָט אַרטעם געכאַפּט ביי זיך אויפ׳ן געזיכט יענעם׳ס אַ שנעלען קוק, און פון דעם קוק פלעגט ווערען דעם גבור נאָך

אומעטיגער. אין זיין ברוסט האָט געוואַקסען אַ פערשטיקטער און אונבעשטימטער געפיהל פון אונצופריעדענהייט, זיינע אויגען זיינען געוואָרען דונקעלער, און ער האָט זיך ווילד אומגעקוקט. אין קאָפּ האָבען זיך ביי איהם געדרעהט, אַזוי וויא מיהל־שטיינער, געדאַנקען אָהן ווערטער. פריהער פלעגען זיי צו איהם ניט קומען, און אָט אין דער צייט, וואָס ער איז געלעגען קראַנק, זיינען זיי געקומען... און געהען ניט אַוועק...

דיא פענסטער, וויא אין אַ תּפסה, מיט אייזערנע גראַטעס, פון גאַס גיסט זיך אין זיי אַ געפּילדער פערהילכט צו ווערען... איבער׳ן קאָפּ הייגנט אַ פּייכטער שווערער שטיינערנער באַלקען, דיא דילען, געמיאַכט פון ציגעל, זיינען נאַס פון בלאָטע, בעדעקט מיט מיסט... און אָט דער אָ קליינצינקער, אָבגעריסענער, פערשלאָגענער מענשעל... זיצט, ציטערט, שווייגט... און אין דיא דערפער וועט מען באַלד אָנ־פאַנגען צו שניידען דיא גראָז. הינטער׳ן טייך, אַנטקעגען שטאָדט, דערגרייכט שוין דיא גראָז אויף דיא לאָנקעס ביז׳ן גאַרטעל און ווען עס טהוט פּון דאָרטין אַ בלאָז׳אַ ווינד, ברייננגט ער צוטראָגען אַזאַ כּחיה׳דיגען ריח .. אָט דיא מינוט וואָלט ער גענומען אַ שנייד־אייזען, אין זיך אַ לאָז געטהאָן איבער דער לאָנקע.

„וואָס שווייגסטו נאָכאַנאַנד, קין?" האָט ארטעם געזאָגט אונ־צופריעדענהייט. „וואָס איז, דוא האָסט נאָך אַלץ מורא פאַר מיר? אוי ביסטו דאָס אַ פערלאָרענער מענש!"

קין האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהם גענומען מאָדנע שאָקלען, און זיין פּנים האָט בשעת מעשה אויסגעזעהן פערשעמט און קלאָגעדיג.

„און וואָס זאָל איך ריידען? און מיט וואָס פאַר אַ צונג זאָל איך ריידען מיט אייך? אָט מיט דער?" דער איד האָט אַרויסגע־שטעקט דעם שפּיץ צונג און איהם בעוויזען ארטעם׳ען. — „מיט וועלכער איך רייד מיט. אַלע איבעריגע מענשען? איך דאַרף זיך דען ניט שעמען צו ריידען מיט אייך מיט דער דאָזיגער צונג? איהר מיינט, איך פערשטעה ניט, אַז איהר שעמט זיך אויכעט צו זיצען מיט מיר דערביי? וואָס בין איך און וואָס זייט איהר? איהר טראַכט

דען, אַרטעם, גרויסע נשמה, איהר זייט נעגליכען צו יהודי המכבי!...
וואָס וואָלט איהר געטהאָן, ווען איהר זאָלט וויסען, צו וואָס נאָט
האָט אייך בעשאַפען? אַ! קיינער ווייס ניט דיא טיעפע סודות פון
באַשעפער און קיינער קען ניט טרעפען, צו וואָס נאָט האָט איהם
געשאַנקען דעם לעבען. איהר ווייסט ניט, וויא פיעל טעג און נעכט
האָב איך געטראַכט, צו וואָס דאַרף איך האָבען מיין לעבען? צו וואָס
דאַרף איך מיין גייסט און מיין פערשטאַנד? וואָס בין איך פאַר
דיא מענשען? אַ שפּיי־קעסטעל פאַר זייערע ניפּטיגע שפּייעכטס.
און וואָס זיינען דיא מענשען פאַר מיר? שלאַנגען, וואָס בייסען מיך
איין אין אַלע ערטער פון מיין לייב און אין מיין נשמה... צו וואָס
לעב איך אויף דער וועלט? און פאַר וואָס ווייס איך נאָר פון צרות...
אפילו דיא זון האָט פאַר מיר אויבעט קיין שטראַהל ניט!"

ער האָט גערעדט היציג, האַלב־שעפּצענדיג, און אַזוי וויא אַלע
מאָל, ווען זיין אויסגעמאַטערטע נשמה פלעגט זיך אויפרעגען, האָט
געציטערט זיין גאַנצער פנים.

אַרטעם האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער האָט גערעדט, ער
האָט אָבער געהערט און געזעהן, אַז קין בעקלאָגט זיך. דעריבער איז
אַרטעם'ען געוואָרען נאָך מעהר נודנע.

„נאַ דיר! האָסט שוין ווידער אָנגעפאַנגען דיין ליעדעלע!"
האָט ער מיט פערדרוס אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.—„איך האָב
דאָך דיר שוין געזאָגט — אַז איך וועל זיך אָננעהמען!"

קין האָט זיך שטילערהייט ביטער צולאַכט

„וויא אַזוי וועט איהר זיך פאַר מיר אָננעהמען פאַר'ן געזיכט
פון מיין נאָט? ער יאָגט דאָס מיך...

„נו, דאָס פערשטעהט זיך! טהאָן נאָט אַנטקעגען קען איך
ניט", האָט צוגעבאַמקעט אַרטעם פּראָסט־הערציג און מיט אַ טאָן
פון רחמנות האָט ער געגעבען דעם אידען אַן עצה: „לייד, ברודערקע!...
מיט נאָט וועסטו גאָר ניט מאַכען"...

קין האָט געגעבען אַ קוק אויף זיין מליץ יושר, און אויף זיינע
ליפּען האָט זיך בעוויעזען אַ שמייכעל... אויך מיט רחמנות. אַ פריהער
האָט דער שטאַרקער רחמנות געקראָגען אויפ'ן קלוגען, דערנאָך

האָט דער פערשטאַנד מיטגעפיהלט מיט דער גבורה, און צווישען דיאביידע מענשען, וועלכע זיינען געזעסען און האָבען געשמועסט, האט זיך דורכגעטראָגען עפּעס אַ מאָדנע שטימונג, און אָט דיא שטימונג האט זיי אַ ביסעל דערנעהנטערט איינעם צום צווייטען.

„דוא האָסט אַ ווייב?“ האָט געפרעגט ארטעם.

„אָ, איך האָב אַ גרויסע געזינד פאַר מיינע כחות“... האָט קין שווער אָבגעזיפצעט.

„נאָר אַזוי!“ האט געזאָגט דער גבור. ער האָט זיך קוים גע־קענט פאָרשטעלען, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ פרוי, וועלכע זאָל קענען האַלטען האָבען דעם אידען, און מיט אַ נייעם אויסדרוק פון נייגירינקייט האָט ער אַ קוק געטהאָן אויף קין'ען, וועלכער איז גע־ווען אַזאַ'ן אויסגעמאָרעטער, קליינצינקער, שמוציגער, פערשלאָגענער.

„איך האָב געהאַט פינף קינדער, איצטער — האָב איך פיער. איין מיידעלע, חיה, האט אַלץ געהוסט, געהוסט און איז געשטאָרבען... גאָט מיינער!.. טאַטע זיסער!... און מיין ווייב איז אויך אַ קראַנקע... נאָר זיא טהוט און הוסט...

„עס איז דיר שווער“, האָט געזאָגט ארטעם און זיך פערטראַכט.

קין האָט זיך אויך פערטראַכט, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ.

אין דיא טהירען פון טראַקטיר האָבען גענומען אריינגעהן הענד־לער מיט אַלטוואַרג; זיי פלעגען צוגעהן צום בופעט און שטילערהייט זיך אריינלאָזען אין אַ שמועס מיט סאַוועק'ן. ער האָט זיי עפּיס דערציילט בסוד און בשעת מעשה צוגעוואונקען אין דער זייט, וואו ארטעם איז געזעסען מיט קין'ען, און דיא חברה האָט אויף זיי געקוקט מיט התפעלות און חוזק. קין האָט שוין בעמערקט דיא דאָזיגע בליקען און איז פערציטערט געוואָרען. און ארטעם האָט ווידער געחלום'ט, אַז ער געהט אַרום איבער דער לאָנקע מיט אַ שנייד־אייזען אין דיא הענד... דאס שנייד־אייזען פייפט און מיט אַ ווייכען שורך לעגט זיך דיא גראָז צו זיינע פיס...

„געהט אַוועק, ארטעם... און אויב איהר ווילט ניט, וועל איך אַוועק... אָט זיינען געקומען מענשען“, האָט געשעפּצעט קין, „און זיי לאַכען פון אייך איבער מיר“...

„ווער 'לאכט דאָס?" האָט אַ ברום געטהאָן אַרטעם, זיך אויפ־כאַפּענדיג פון דיא חלומות, און האָט זיך ארומגעקוקט מיט ווילדע אויגען.

אָבער אין טראַקטיר זיינען אַלע געווען ערנסט און פערטהאָן אין דיא אייגענע עסקים. אַרטעם האָט ניט געכאַפּט קיין איינציגען בליק. און ער האָט שטרייננ אָנגערוקט דיא ברעמען אין געזאָגט צום אידען.

„זאָגסט אַ ליגען... בעקלאָגסט זיך אומזיסט און אומנייסט... אָט אַזוי... זעה — שפּיעל זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכען! דוא בעקלאָג זיך דעמאָלט, ווען עס איז דאָ פאַר וואָס. אפּשר ווילסט מיך שטע־לען אין נסיון, האָסט געזאָגט גלאַט אַזוי?

קין האט איהם שמערצליך געשמייכעלט אין געזיכט און גאָר ניט געענטפערט. אַ פאָאר מינוט זיינען זייביידע געזעסען און ניט גערעדט. דערנאָך האָט זיך קין אויפגעהויבען, אָנגעטהאָן אויפ׳ן האַלז זיין קעסטעל און זיך פאַרטיג געמאַכט אַוועקצוגעהן. אַרטעם האט איהם דערלאַנגט דיא האַנד.

„געהסט? נו, געה, האַנדעל... און איך ווער דאָ נאָך זיצען...

מיט זיינע ביידע הענדלעך האָט קין אַ טרייסעל געטהאָן דיא ריעזיגע לאַפּע פון זיין בעשיצער און איז שנעל אַוועק.

ווען ער איז ארויס אין גאַס, איז ער אריין הינטער אַ ווינקעל, האָט זיך דאָרטען אָבגעשטעלט און גענומען פון דאָרטען אַרויסקוקען. ער האָט געקענט זעהן דיא טהיר פון טראַקטיר און איהם איז ניט לאַנג אויסגעקומען צו וואַרטען. אין דער טהיר, אַזוי וויא אין אַ ראַ־מע, האָט זיך בעוויעזען ארטעם׳ס געשטאַלט. זיינע ברעמען זיינען געווען אָנגערוקט און דער פּנים האָט ביי איהם אַזוי אויסגעזעהן, עפּיס וויא ער וואָלט האָבען מורא צו דערזעהן פאַר דיא אויגען אַ נודנע זאַך. ער האָט זיך לאַנגזאַם איינגעקוקט אין דיא מענשען, וועלכע האָבען זיך ארומגעדרעהט אין גאַס, און דערנאָך האָט זיין פּנים אָנגענומען דעם געוויינליכען אויסדרוק פון פוילקייט און גלייכגיל־טיגקייט. און ער איז אַוועק דורך דיא רעדלעך מענשען אַהין, וואו

דיא גאַס האט זיך אריינגערוקט אין באַרג,—מיטמעות אויף זיין אַלטען אָרט.

קין האָט איהם בעגלייט מיט שמערצליכע בליקען; ער האָט פערדעקט מיט דיא הענד זיין געזיכט און זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן שטערן אָן דיא אייזערנע טהיר פון דער קלייט, לעבען וועלכער ער איז געשטאַנען...

* * *

אַרטעמ'ס סטראַשונאַק האָט געווירקט—מען האט זיך דער־שראָקען פאַר איהם און אויפגעהערט צו רודפ'ן דעם אידען.

קין האָט דערזעהן, אז דיא דערנער, דורך וועלכע ער איז גע־גאנגען צו זיין קבר, זיינען געוואָרען וועניגער שטעכעדיג. דיא מענ־שען האבען עפּעס אויפגעהערט גאָר צו בעמערקען, אז ער לעבט אויף דער וועלט. אַזוי וויא ביז אַהער האט ער זיך אַרומגעדרעהט צוויישען זיי, אויסרעכענענדיג דעם לאַנגען צעטעל פון זיינע סחורה, אָבער מען פלעגט איהם שוין ניט אַרויסטרעטען בכיון אויף דיא פיס, וויא דאס איז פריהער געווען. מען האט איהם ניט געשטופּט אין דיא דארע זייטען, ניט געשפּיגען צו איהם אין קעסטעל. הגם פריהער האָט מען ניט געקוקט אויף איהם אַזוי קאַלט און פיינדליך, וויא מען האט גענומען יעצט קוקען.

ער האָט געהאַט אַ פיינעם חוש צו יעדע ברעקעלע, וואס איז געווען נוגע צו איהם, ער האָט דאַרום באַלד בעמערקט, אז מען קוקט אויף איהם מיט אַנדערע אויגען, און ער האָט זיך אַ פרעג געטהאָן: וואס זאָל דאָס בעדייטען און וואס פאַר א רעה קען דער־פ'ן אַרויס פאַר איהם? אַ סך האָט ער געטראַכט וועגען דעם און ניט געקענט פערשטעהן, פאַר וואָס מען האָט גענומען אויף איהם אַזוי קוקען... און ער האָט זיך דערמאָנט, אז פריהער, הגם זעהר זעלטען, פלעגט מען מיט איהם אַריינטרעטען אין א פריינדליכען שמועס... צייטענווייס פרעגען מכח זיינע געשעפטען... און אַ מאָל אויך שפּאַסען, און טאַקי גאָר אָהן שום רישעת...

קין האָט זיך גענומען פערטראַכטען. דאס איז שוין א כלל, אז אין דער פערגאַנגענהייט איז דער מענש בדרך הטבע גענייגט צו

זעהן אפילו דיא פּיצעלע גוטעס, וואס איז דאָרטען געוועז און וואָס דעמאָלט האט ער גאָר ניט בעמערקט...

ער האט זיך גענומען פּערטראַכטען, אָנגעשפּיצט דיא אויערן און געקוקט מיט א שאַרפען אויג. איין מאָל האט ער דער־הערט א נייע ליעדעל, וואָס איז פערפאסט געוואָרען פון אָבגע־שמיסענעם חתן, דעם משורר פון גאַס.

דער מעניש האָט פערדיענט זיין ברויט מיט שפּיעלען און זינגען; זיינע חפצים זיינען געוועזן אכט הילצערנע עס־לעפעל, ער פלעגט זיי נעהמען צווישען דיא פינגער און זיך קלאַפּען מיט זיי איבער דיא אָנגעבלאָזענע באַקען, איבער׳ן בויך, בייטענדיג דיא פינגער; ער האָט אויך געקלאַפּט דיא לעפעל איינעם אָן דעם אנדערען, און עס פלעגט ארויס ניט קיין שלעכטער אקאָמפּאַנימענט צו דיא קופּלעטען, וואָס ער פלעגט אויסקלערען פון קאָפּ. דער שפּיעלען גופא האט ניט געבראַכט א סך פערגניגען, אָבער דערפאר האט דער כלי־זמר גע־מוזט זיין פלינק וויא א פּאָקוס־מאַכער; און א פלינקע האַנד, צו וואָס זיא זאָל ניט אויסגענוצט ווערען, האָט דאָ אין גאַס געהאַט ביי דעם עולם א גרויסען פּנים.

און אָט א מאָל האָט זיך קין אָנגעשטויסען אויף א רעדעל מענשען, און צווישען זיי איז געשטאַנען דער חתן מיט זיינע לעפעל און האָט געהאַקט מיט׳ן צונג וויא א מארק־אידענע:

„איהר, פּריצים, מיט א קעשענע א ברייטע, מאַכט ניט קיין פּליטה! אַהער־צו, זיסע, מען ווארט שוין אויף אייך לאַנג אין תפיסה! איך שפּיעל א פּריישען שיר, נאָר וואָס אויסגעבאַקען אין מיינע גע־שיער—א הייסער ביסען! קען ניט זיין בעסער... גיט א קאָפּיקע פון איטליכען פּרעסער, און ווער עס האָט א פּנים וויא אָן אָבגעבאַקע־נער עפּעל-- פון דעם נעהם איך א קאָפּיקע מיט א קנעפּעל! איך הויב אָן:

„קריכט אריין דיא זון אין פענסטער —
איז א שמחה א גדולה;
און אָט ווען איך קריך אריין...

„דאָס האט מען שוין געהערט !" האָט איינער פון פובליקום א בעל־ספקות א נעשריי געטהאָן.

„מיר ווייסען, אז איהר האָט געהערט ! ווילסט אפשר מען זאָל דיר געבען אָהן געלד דיא ברויט פאַר דיא קוכען"... האָט ערקלערט דער חתן, קלאַפּענדיג מיט דיא לעפעל, און האט מאריך געווען זיין ליעדעל :

„אוי, ס'אראַ בימערען לעבען איך האָב !
„איך בין ניט קיין געראָטענער.
דעם טאַטען מיט'ן ברודער האָט מען אויפגעהאנגען,
און איך האָב זיך פון דער תליה אָבגעריסען !...

„א יטאָד !" האָט זיך דערהערט אין דעם פובליקום.

אָבער קאָפּיקעס האָבען זיך צו איהם נעשאָטען, מחמת מען האָט געוואוסט, אז ער איז אַן עהרליכער מאַן, און אויב ער האָט צוגעזאָגט צו געבען א נייע ליעדעל, וועט ער שוין ניט אָבנארען.

„אָט קומט זיא דיא נייע, דוא הילצערנע חיה ! און דיא לעפעל האָבען גענומען טאַנצען:

„עס האבען זיך בעקאָנט אַן אָקס מיט א שפּין,
עס האָבען זיך בעקאָנט א זשיד מיט אַ תּם,
דער אָקס טראָגט דיא שפּין אויפ'ן עק,
דער זשיד פערקויפט דעם תּם צו דיא ווייבלעך,
מומעלעך, טייערינקע !...

„סטאָפּ, מאַשין ! א גוטען מאָרגען אייך, הערר קין, מיט א קלאָין איבערן האלז ! איהר האָט געהערט דיא ליעדעל, סוחר ? זייט מוחל, ניט פון אייך זינג איך... געהט זיך אין אייער וועג !

קין האָט צוזאָטען פאַר'ן קינסטלער זיינע שמייבעלעך און איז אוועק פון איהם מיט א זיפץ: דאס האר'ן האט איהם גענאָגט, אז עפּעס וועט ארויס.

דיא דאָזיגע טעג זיינען געווען ביי איהם טהייער, ער האָט זיך אָבער אויך געשראָקען פאַר זיי. איטליכען פריה־מאָרגען פלעגט ער קומען אין גאס און זיין ביי זיך זיכער, אז היינט וועט שוין קיינער ניט האָבען דיא העזה אוועקצונעהמען פון איהם זיינע קאָפּיקעס.

און זיינע אויגען זיינען געוואָרען ביסלעכוויים העלער און רוהיגער. ארטעמ׳ען האט ער געזעהן אַלע טאָג, אויב דער גבור האָט איהם אָבער ניט גערופען, פלעגט קין צו איהם ניט צוגעהן.

אַרטעם פלעגט איהם צורופען זעלטען און ווען ער פלעגט איהם שוין יע אַ מאָל צורופען, פלעגט ער פרעגען געוויינליך:

„נו, וואָס — לעבסט?

„אָ, יע! כ׳לעב... און האָב אייך צו דאַנקען,“ פלעגט זאָגען קין, און זיינע אויגען האָבען בשעת מעשה געבלישצעט פון שמחה.

„מען צעפעט ניט?

„זיי קענען זיך דען שטעלען קעגען אייך!“ פלעגט דער איד אַ געשריי טהאָן מיט שרעק.

„נו... זעהסטו!... און וויא וואָס—קום זאָגען.

„כ׳וועל זאָגען!

„אָט, אָט!...

ער פלעגט אָבמעסטען מיט פינסטערע אויגען דעם אידענ׳ס פיגור און איהם אָבלאָזען.

„געה... האנדעל!

און קין פלעגט שנעל אוועקגעהן פון זיין בעשיצער, און פלעגט בעמערקען, אַז דער עולם קוקט אויף איהם מיט חוזק און רישעת, און דאָס האָט איהם געשראָקען.

עס האט זיך אזוי געצויגען אַן ערך פיער וואָכען.

איין מאָל אין אבענד, ווען קין אָט זיך שוין געקליעבען געהן אהיים, האָט ער בעגעגענט אַרטעמ׳ען. דער שיינער יונג האָט איהם אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און צוגערופען צו זיך מיט׳ן פינגער. קין איז שנעל צו איהם צוגעלאָפען און האָט דעריזעהן, אַז אַרטעם איז פינסטער און אנגעבלאָזען, וויא אַן אסיענדיגער וואלקען.

„ביסט פאַרטיג געוואָרען מיט דיין האַנדעל, וואָס? האָט יענער געפרעגט.

„שוין... זיך געקליבען געהן אהיים...

„װאַרט אױף... קום נאר, כ'װעל דיר װאָס זאָגען" האָט געזאָגט אַרטעם מיט א פערשטיקטען קול.

און ער איז אװעק פאָראױס, הױך און שװער, און קין איז געגאנגען פון הינטען.

זײ זײנען ארױס פון גאס און האבען גענומען דעם װעג צום טײך, װאו ארטעם האָט געפונען א סגראַבנעם אָרט אונטער דעם מישופה'דיגען בערגעל, בײ דיא סאַמע כװאַליעס.

„זעץ זיך", האָט ער געזאָגט צו קין'ען.

יענער האָט זיך אַנידערגעזעצט און מיט פחד, פון דער זײט, געקוקט אױף זײן בעשיצער. אַרטעם האט אײנגעבױגען דעם רוקען און גענומען פערדרעהען א פאפּיראָס. און קין האָט געקוקט אין הימעל, אױף דעם װאלד מאַסטען בײם ברעג, אױף יענער זײט טײך, אױף דיא רוהיגע כװאַליעס, װעלכע זײנען פערגליװערט געװאָרען אין דער שטילקײט פון אבענד, און האָט זיך געמאַטערט צו טרעפען, פון װאָס קלײבט זיך דאָס דער גבור צו רײדען.

„נו, װאס?" האָט געזאָגט אַרטעם,— „לעבסט?

„כ'לעב, אָ! איצטער האָב איך קײן מורא ניט.

„גוט, הײסט דאס...

„כ'דאנק...

„װאַרט אױף! האָט געזאָגט אַרטעם.

און ער האָט געשװיעגען א לאַנגע צײט, ציהענדיג דעם פּאַפּיראָס, װעדליג דער איד האָט געװאַרט אױף זײנע רײד, און דאָס האַרץ איז איהם אױסגעגאנגען פון אַן אונבעשטימטען געפיהל פון שרעק.

„נ־יע... איז איצטער, הײסט דאָס, גאָר ניט, מען בעלײדיגט ניט?

„אָ, זײ האָבען פאַר אײך מורא! זײ אלע זײנען װיא הינד, און איהר — װי א לײב! און איך בין איצטער...

„װאַרט אױף!"

„נ־נו? און װאָס װילט איהר מיר זאָגען?" האָט געפרעגט קין מיט א ציטער.

„זאָגען? ס'איז ניט אזױ פּראָסט...

„וואָס איז דאָס אַזוינס?

„אַ! זעהסטו... נאָמיר ריידען קלאָרע דיבורים. מיט אַ מאָל — און פאַרטיג!

„אהאַ!

„און איך מוז דיר זאָגען, אַז איך קען ווייטער ניט...

„וואָס? וואָס קענט איהר ניט?

„גאָר ניט! כ'קען ניט! עס עקעלט מיר... ווי קומט דאָס גאָר צו מיר? פאַר מיר איז דאָס קיין עסק ניט!... האָט געזאָגט אַרטעם מיט אַ זיפץ.

„וואס מיינט איהר? וואס איז פאַר אייך קיין עסק ניט?

„אט דאס אַלץ... דוא און אַלץ... איך וויל דיך מעהר ניט קענען... מחמת — פאַר מיר איז דאס קיין עסק ניט.

קין האָט זיך איינגעקאָרטשעט, אַזוי ווי מען וואָלט איהם אַ קלאַפּ געטהאָן, און האָט געשוויעגען.

„און אויב מען וועט דיך בעליידיגען, געה צו מיר ניט און בע־קלאַג זיך פאַר מיר ניט... איך קען דיר ניט העלפען... און וועל זיך ניט געהן אָננעהמען פאַר דיר, פערשטעהסט? איך קען דאס ניט.

קין האט געשוויגען ווי אַ טויטער.

און ווען אַרטעם האָט אויסגערעדט דיא ווערטער, האָט ער פריי אָבגעצויגען דעם אָטהעם און מאַריך געוועזען קלאָרער און דיי־טליכער.

„דערפאַר, וואָס דוא האסט דעמאָלט אויף מיר רחמנות גע־קראַגען, קען איך דיר בעצאָהלען. ווי פיעל דאַרפסטו? זאָג — קריעגסט באַלד. אָבער רחמנות האָבען אויף דיר קען איך ניט... איך האָב דאס ניט אין מיר... און איך האב זיך די גאַנצע צייט נאָר גע־בראָכען... פערשטעלט, מעהר ניט. כ'האב געמיינט — אַז איך האָב רחמנות, און עס לאָזט זיך אויס — אַז דאָס איז אַ מוליר, מעהר ניט. איך קען קיין שום רחמנות ניט האָבען.

„דערפאַר, וואָס איך בין אַ זשיד? האָט קין שטילערהייט געפרעגט.

אַרטעם האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן פון דער זייט און האט ארויסגערעדט גאַנץ איינפאַך איינעם פון יענע ווערטער, וואס ווערען געבאָרען אין האַרצען:

„וואָס אַרט מיר, אז אַ זשיד? קענען גאָט זיינען מיר אַלע זשידעס...

„פאַר וואָס־זשע?“ האָט קין שטילערהייט געפרעגט.

„איך קען ניט, מען זאָגט דאָך דיר, מענש איינער! פער־שטעהסט, עס איז ניטאָ ביי מיר קיין שום רחמנות צו דיר... און צו קיינעם ניט... דוא דאַרפסט דאס פערשטעהן... אַנאַנדערן וואָלט איך דאָס ניט געזאָגט, כ'וואָלט איהם איינפאַך געגעבען אַ גוטען פּלעט איבער'ן מח — און פּטור! און דיר זאָג איך דאס...

„ווער וועט אויפשטעהן פאַר מיר קעגען דיא רשעים? ווער וועט זיך איינשטעלען פאַר מיר קעגען דיא שלעכטסטהוער?“ האָט שטיל און טרויעריג געפרעגט דער איד מיט דיא ווערטער פון תהלים.

„כ'קען ניט“... האָט אַרטעם אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין „ניט דערפאַר טהו איך דאָס, וואָס זיי לאַכען... איך האָב זיי אין דר'ערד, פון מיינטוועגען — לאַך! איך האָב אויף דיר קיין רחמנות ניט... און פאַר יענע זאַך — וועל איך בעסער בעצאָהלען מיט געלד.

„אָ, גאָט, נוקם ונוטר! גאָט, וואָס דוא לעבסט אייביג, וואס דוא בעצאָהלסט יעדערן זיין שכר, פאַנג אָן צו שיינען, הויב זיך אויף אין דער הויך, דוא ריכטער פון דער ערד“... האָט קין מתפלל געווען, און האָט זיך צינויפגעקאָרטשעט אין אַ קליינעם קנויטעל.

דער זומערדיגער אבענד איז געווען שטיל און וואַרעם, דיא שטראַהלען פון דער אונטערגעגאַנגענער זון האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין טייך מיט אַ מין טרויערינער ליעבשאַפט. פון בערגעל איז געפאַ־לען אַ שאָטען אויף אַרטעם'ען און קין'ען.

„דוא בעטראַכט נאָר,“ האָט אַרטעם טרויעריג גערעדט מיט איבערציינונג,“ וואס איז איצטער מיין ציעל? אָט דאס פערשטעהסטו

ניט און איך—און... איך דארף זיך אננעהמען פאר זיך אליין... וויא זיי האבען מיך דעמאלט צושלאגען — געדיינקסט ?

ער האט א קריין געטהאן מיט דיא ציינער און זיך גענומען דרעהען אויפ'ן זאמד, און דערנאך האט ער זיך אוועקגעלעגט אויפ'ן רוקען, אויסציהענדיג דיא פיס צום וואסער און פערלענגנדיג דיא הענד הינטער'ן קאפ.

„איך קען זיי איצטער אלעמען...

„אלעמען ?" האט קין געפרעגט ווי א דערשראקענער.

„אלעמען ! איצטער וועל איך אנפאנגען צו קוויטירען מיט זייא מיינע חשבונות !... און דוא שטעהסט מיר אין וועג . .

„מיט וואס קען איך אייך שטעהן אין וועג ? האט דער איד א געשריי געטהאן.

„ב'מיין ניט, אז דוא שטעהסט מיר אין וועג, אבער ... עס קומט שוין אויס אזוי — איך טראג א כעס קעגען אלע מענשען. בין איך ערגער פון זיי ? אט דאס איז דאס ... נו. קומט ביי מיר אויס, אז איצטער ביסטו ביי מיר אן איבעריגער. פערשטעהסט ?

„ניין !" האט געענטפערט דער איד ווייכמוטהיג און א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

„פערשטעהסט ניט ? אט ס'ארא מעניש דיא ביסט ! אויף דיר דארף מען רחמנות האבען — וואס, ניט ? נו, און איצטער קען איך אויף קיינעם קיין שום רחמנות ניט האבען... איך האב ניט קיין רחמנות אין זיך. . .

ער האט א שטויס געטהאן דעם אידען אין זייט און צוגעלעגט:

„קיין ברעקיל רחמנות ניט. האסט פערשטאנען ?

א לאנגע צייט האט זיך קיין ווארט ניט געהערט. ארום זייא, אין דער ווארעמער און שמעקעדיגער לופט, האט געשוואומען דער גערויש פון דיא כוואליעס און עפיס פערשטיקטע, אבצענדע טענער, וואס האבען זיך געטראגען פון דער ווייטענס, פון דעם שלעפעריגען און פינסטערן טייך.

„וואס זאל איך איצטער טהאן ?" האט ענדליך געפרעגט קין. אבער קיינער האט איהם ניט געענטפערט, מחמת ארטעם האט איינ־

נעדרעמעלט אָדער זיך פערטראַכט. „ווי וועל איך לעבען אָהן אייך? האָט דער איד געזאָגט העכער.

ארטעם האָט געקוקט אין הימעל און געענטפערט:

„ווענען דעם דארפסט שוין אליין אַ קלער טהאָן.

„גאָטעניו, גאָטעניו!

„אָט, מיט אַ מאָל, ווילסטו אז מען זאָל דיר זאָגען — ווי אזוי צו לעבען," האָט ארטעם פויל נעצויגען דיא ווערטער.

נאָכדעם ווי ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געוועלט, איז ער מיט אַ מאָל געוואָרין רוהיג.

„איך האָב דאָס שוין לאנג געוואוסט... נאָך דעמאָלט, ווען איך בין נעגאַנגען צו אייך, אָן איסקאַליעט'שעטען, האָב איך שוין גע־וואוסט... אז ניט לאנג וועט איהר זיך אָננעהמען פאר מיר...

און דער איד האָט געקוקט אויף ארטעם'ען מיט אַ רחמנות־פּנים, אבער ער האָט ניט בעגעגענט יענעם'ס אויגען.

„איהר טהוט דאָס אפשר דערפאר, וואָס זיי לאַכען פון אייך איבער מיר?" האָט קין געפרעגט פארזיכטיג, קוים ארויסרעדענדיג דיא ווערטער.

„זיי, זאָגסטו? און וואָס געהען זיי מיר אָן?" האָט אַרטעם אַ קרומען שמייכעל געטהאָן, עפּענענדיג דיא אויגען. „אויב איך וואָלט נאָר וועלען, וואָלט איך דיך אַוועקגעזעצט אויף דיא פּלייצעס און גע־טראָגען איבער'ן גאס. זאָלען זיי לאַכען... אָבער וואָס איז דיא פּעולה... אלץ דארף מען טהאָן נאָכ'ן אמת נאָך... ווי דאָס הארץ הייסט... וואָס עס איז ניטאָ אין הארצען — איז שוין ניטאָ. און מען קען זיך ניט העלפען ... און מיר, ברודערקע, כ'וועל דיר זאָגען גלייך אין פּנים אַריין, עקעלט, וואָס דוא ביסט אָט אזאַ... יע!..., אָט אזוי קומט ביי מיר אויס.

„אך . . . אמת! נו, וואָס זאָל איך איצטער טהאָן? אוועקגעהן?

„געה, ביז וואַנען עס איז נאָך ליכטיג... מען וועט דיך דער־ווייַלע ניט ריהרען. פון אונזער שמועס ווייס דאָך קיינער ניט...

„יע־ע... און איהר וועט קיינעם ניט אויסזאָגען, אַ?" האָט קין אַ בעט געטהאָן.

„נו... פערשטעהסט זיך. פון דעסטוועגען קריך מיר ניט אַפּט אין דיא אויגען ...

„גוט“, האָט דער איד מסכים געווען שטיל און טרויעריג און זיך אַוועקגעשטעלט אויף דיא פיס.

„כ'וואָלט דיר אָן עצה געגעבען וואו ניט איז אין אַנאַנדער אָרט צו האנדלען“, האָט ארטעם געזאָגט גלייכגילטיג. דוא ווייסט דאָך, דאָרערט זיינען דיא פּראָנדהייזס שטריינגע...

„וואו־זשע זאָל איך געהן?

„כ'וויים ניט... וויא דוא ווילסט.

„זייט געזונד, ארטעם.

„זיי געזונד, ברודער.

און ליענענדיג האט ער געגעבען דעם אידען דיא האנד און א קוועטש געטהאָן מיט זיינע פינגער יענעם'ס טרוקענע ביינער.

„זיי געזונד. האב קיין פּאראיבעל ניט...

„איך האָב צו אייך ניט“, האט דער איד געזאָגט און שווער אָבגעזיפצעט.

„אָט אזוי... אזוי איז בעסער, בערעכען זיך אליין... ביסט פּאר מיר שוין גאָר קיין חבר ניט... איך דארף דען לעבען פון דיינטוועגען? דאָס פּאסט ניט...

„זייט געזונד!

„נו, געה...

קין איז אוועק פּאזע דעם ברעג טייך, דעם קאָפּ אראָבגעלאָזען און שטארק איינגעהויקערט.

דער שיינער ארטעם האט א דרעה געטהאָן דעם קאָפּ אין דער זייט, וואו יענער איז אוועק, און אין א פּאאר סעקונדען ארום איז ער ווידער געלעגען אזוי וויא פריהער, מיט דער צורה צום הימעל, וואָס איז שוין געווען פינסטער, ווייל דיא נאכט האט זיך אָנגערוקט.

אין דער לופט זיינען געבאָרען געוואָרען און צוגאנגען מאָדנע טענער. דער טייך האט זיך געשלאָגען אָן דיא ברעגעס, מאָנאָטאָנע און טרויעריג.

און ווען קין איז אָבגעגאַנגען אַן ערך פופציג טריט, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק, איז צוגעגאַנגען צו אַרטעמ׳ס מעכטיגער פיגור, וואס איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דר׳ערד, האָט זיך לעבען איהר אָבגעשטעלט און אַ פרעג געטהאָן שטיל און מיט עניות:

„און אפשר וועט איהר זיך נאָך מישב זיין?

אַרטעם האָט געשוויגען.

„אַרטעם?“ האָט קין אַ רוף געטהאָן, אָבער קיין ענטפער האָט ער ניט בעקומען.—„אַרטעם? אפשר האט איהר דאס געזאָגט גלאָט אַזוי?“ האט דער איד איבערגע׳חזר׳ט און זיין שטימע האָט געציטערט. — „דערמאָנט זיך נאָר, וויא איך האָב אייך דעמאָלט... אַ? אַרטעם? קיינער איז ניט געקומען, נאָר איך בין געקומען.

ער האָט דערהערט אַ שטאַרקען כראָפּען.

... קין איז נאָך אַ צייט געשטאַנען לעבען דעם גבור און האָט זיך אַלץ איינגעקוקט אין זיין שיינעם געזיכט, וואָס דער שלאָף האט געמאַכט ווייך. דיא ריעזיגע ברוסט האט זיך געהויבען מעסיג און הויך און ווען דיא שוואַרצע וואָנצען האָבען זיך געריהרט פון זיין אָטהעם, האָבען זיך געזעהן דיא בלישצענדיגע, שטייפע ציינער פון שיינעם יונג. עס האט זיך געדוכט, אַז ער האָט געשמייכעלט...

מיט אַ טיעפען זיפץ האָט דער איד נאָך ניעדעריגער אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און איז וויעדער אַוועק צום ברעג טייך. ער האט געציטערט מיט אַלע אברים פון שרעק פאַר׳ן לעבען, און איז געגאַנגען פאָרזיכטיג, — אין דיא אָפענע פּלעצער, וואָס זיינען געווען בעשיינט פון דער לבנה, האָט ער זיינע טריט געמאַכט ווייכער, ווען ער פלעגט אַריין אין שאָטען — האָט ער זיך גערוקט פאַמעלינקעס..

און ער האָט אויסגעזעהן וויא אַ מייזעל, וויא אַ קליינע טרוסעוואַטע חיה׳לע, וועלכע גנב׳עט זיך אין איהר לאָך צווישען דיא טויזענדער סכנות, וואס קוקען אַרויס אויף איהר פון אַלע זייטען.

און דיא נאַכט איז שוין אַרונטער און אויפ׳ן ברעג טייך איז געוועזן וויסט...



# באָלעים.

---

מיינער אַ בעקאַנטער האָט מיר אַ מאָל דערציילט אַזאַ געשיכטע:

„ווען איך בין געווען אַ סטודענט אין מאָסקווא, איז מיר אויסגעקומען צו וואָהנען אין שכנות מיט איינער פון דיא „ראָזינע“... פערשטעהסט? זיא איז געווען אַ פוילישע שיקסע, געהייסען האָט זיא טערעזא. אַ הויכע, אַ שטאַרקע, מיט שווארצע האָאר, צונויפגעוואַקסענע ברעמען און אַ גרויסע גראָבע צורה, אַזוי וויא דאָס וואָלט געווען אויסגעהאַקט פון אַ גאַנצע שייט האָלץ, — פלעגט זיא אויף מיר ארויפוואַרפען אן אימה מיט'ן בעסטיאַלישען גלאַנץ פון איהרע דונקעלע אויגען, מיט דער געדיכטער באַס־שטימע, מיט איהרע דרכים פון אַ בעל־עגלה, מיט איהר גרויסען דיקען גוף פון אַ מאַרק־אידענע... איך האָב געוואָהנט אויף אַ בוידים, און איהר טהיר איז געווען אַנטקעגען מיינער. געוויינליך פלעג איך קיין מאָל ניט עפענען מיין טהיר, ווען איך האָב געוואוסט, אַז זיא איז אין דער היים. אָבער דאָס האָט, פערשטעהט זיך, פּאַסירט ניט אָפט. אַ מאָל פלעג איך זיך מיט איהר בעגעגענען אויף דיא טרעפּ, אויפ'ן הויף און זיא פלעגט צו מיר טהאָן אַ שמייכעל; עס האָט דעמאָלט אויסגעזעהן אין מיינע אויגען, אַז אין איהר שמייכעל ליעגט אי אַ גראָבער שמוץ, אי דיא ווילדקייט פון אַ רויב־חיה. ניט איין מאָל האָב איך זיא געזעהן אַ שיכור'ע, מיט פערגאָסענע, הילצערנע אויגען, מיט צו־

קודעלטע האָאר, מיט אַ מאָדנעם עקעלהאפטען שמייכעל אויף די ליפען... אין אזא פאל פלעגט זיא מיר זאָגען:

„איהר זאָלט זיין געזונד, פאַנע סטודענט!" — זיא פלעגט זיך דערביי נאַריש פונאַנדערלאַכען, און איטליכס מאָל פלעגט מיך נעהמען נאָך מעהר עקלען פון דער מיאוס'ער שטיק סחורה. איך וואָלט ארויסגעפאָהרען אויף אנאנדער דירה בכדי פטור צו ווערען פון אזעלכע בעגעגעניסען און שלום עליכם'ס, אָבער איך האָב געהאט אַ ביינעם צימער, פון פענסטער האט זיך געזעהן אַ ברייטע וועלט. און עס איז געווען אזוי שטיל אין גאס... איך האָב געליטען.

און פלוצלינג, אין אַ פריה־מאָרגען, ווען איך האָב זיך געוואלגערט אויף מיין בעטעל און האב געהאָרעוועט מיט'ן שכל אויסצוטראַכטען עפּעס אַ תירוץ כדי איך זאָל ניט דארפען געהן אויף די לעקציאָנען, — עפענט זיך אויף די טהיר, און די עקעלהאפטע טערעזא רופט אויס פון ש'וועל מיט איהר באַס:

„איהר זאָלט זיין געזונד, פאַנע סטודענט!

„וואָס דארפט איהר האָבען?" זאָג איך. איך טהו אַ קוק — דער פנים איז ביי איהר פערשעמט, וויא זיא וואָלט זיך געקליעבען וואָס צו בעטען... עפּעס גאָר וויא ניט איהר פנים.

„אָט זעהט איהר, פאַנע, איך וועל ביי אייך בעטען מיר טהאָן אַ טובה... זעהט—זאָגט מיר ניט אָב!

איך ליעג, שווייג און טראַכט:

„אַן אָנשטעל! אַן אָנגריף אויף מיין צניעות, ניט מעהר און ניט ווייניגער! זיי ביי זיך שטאַרק, יעגאָר!

„איך דאַרף, זעהט איהר, אוועקשיקען אַ בריעף אהיים," זאָגט זיא און אזוי שטיל, מיט געבעט, מיט עניות.

„ע," קלער איך ביי זיך, „דער טייוועל קען דיך נעהמען! גוט, כ'וועל דיר טהאָן דיא טובה!"

איך האָב זיך אויפגעהויבען, אַוועקגעזעצט ביים טיש, גענומען אַ בויגען פּאַפּיער און זאָג:

„געהט צו אָט אהערצו־צו, זעצט זיך און זאָגט, וואס איהר ווילט שרייבען...

זיא געהט צו, זעצט זיך אוועק פאַרזיכטיג אויף א שטוהל און קוקט אויף מיר מיט א רחמנות־פּנים.

„זאָגט־זשע, צו וועמען איז דער בריעף?

„איבער דער וואַרשעווער באהן, אין שטאָדט סוויענציאַן, צו באָלעסלאַוו קאַשפּוט...

„וואס זאָל איך שרייבען... זאָגט...

„מיין ליעבער באָלעס... הארץ מיין... מיין טרייער געליעבטער... זאָל דיך בעהיטען גאָט'ס מוטער! מיין גילדענע הארץ, פאַר וואס האָסט אזוי לאַנג ניט געשריעבען דיין טייבעלע טערעזא, וואס איהר הארץ קריינקט נאָך דיר...

איך האָב שיער ניט אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער. א פיינע „טייבעלע"! הויך וויא עוג מלך הבשן, מיט א קולאַק, וואס וועגט א פּוד, און מיט אזא שוואַרצען פּרצוף, פּונקט וויא דיא טייבעלע וואָלט איהר גאנץ לעבען געווען א קוימען־קעהרער און זיך קיין מאָל ניט געוואַשען! איך האָב זיך מיט גרויסע צרות איינגעהאַלטען, און פרעג:

„ווער איז ער אָט דער באָליעסט?

„באָלעס, פּאַנע סטודענט," איז זיא אויף מיר ברוגז געוואָרען דערפאַר, וואָס איך האָב פערדרעהט דעם נאָמען (באָליעסט הייסט א חולאת). „ער, באָלעס, איז מיין חתן...

„א חתן?!?

„וואָס איז דער פּאַן אזוי נשתומם געוואָרען? וואָס איז, איך בין קיין מיידעל ניט, וואָס איך קען שוין קיין חתן ניט האָבען?

זיא, א מיידעל!... פיין, א?

„אָך, פאַר וואָס ניט! אלין קען זיין... און שוין לאַנג, וויא איהר זייט חתן־כלה?

„דאָס זעקסטע יאָהר.

„אָהאָ!" טראַכט איך ביי זיך. נו, האָבען מיר אָנגעשריעבען דעם בריעף. אזא, זאָג איך אייך, צאַרטען ליעבעס־בריעף, דאָס איך גופא וואָלט זיך געביטען מיט באָלעס'ען, אויב דיא שיקערקע פון בריוועלע וואָלט געווען ניט טערעזא, נאָר אַנאַנדער בעשעפענים, א

ביסעל קלענער פון איהר.

„אַט, אַ דאַנק אייך, פאַנע, פאַר דיא טובה פון גאַנצען האַרצען!“ זאָגט מיר טערעזאַ און פערבויגט זיך. „אפשר קען איך אייך אויך מיט וואָס ניט איז אָבדיענען?

„ניין, ניין, אַ גרויסען דאַנק!

„אפשר זיינען ביי דעם פאַן דיא העמדער און דיא הויזען אין לעבער?

איך פיהל, אַז דער דאָזיגער עלעפאַנט אין ספּאָדניצע מאַכט מיך רויט וויא אַ בוריק, און איך בין איהר מודיע קורץ און שאַרף, אַז אין איהרע טובות נויטיג איך זיך ניט.

זיא איז אַוועק.

עס זיינען פאַרביי אַ צוויי וואָכען... אַבענדרצייט. איך זיץ ביים פענסטער און פייף, און קלער, וויא אַזוי פיהרט מען אויס, אַז איך זאָל ניט קלערען פון זיך אליין? עס איז אומעטיג, און דאָס וועטער איז פאַסקודנע, געהן ווילט זיך ניט וואו ניט, און פון גרויס אומעט פאַנג איך אָן צו גריבלען, צו קאַלופּענען זיך אין דער נשמה. דאָס איז אַפילו אויך אַן אומעטיגער עסק, אָבער קיין שום אַנדער זאַך האָט זיך ניט געוואָלט טהאָן. עס עפענט זיך דיא טהיר — דאַנקען גאָט! אימיצער איז געקומען...

„דער פאַן סטודענט איז ניט פערנומען מיט אַ נויטיגען אינ־טערעס?

טערעזאַ! המ. . .

„ניין ... וואָס איז?

„כ׳וואָלט געבעטען דעם פאַ׳ אָנשרייבען פאַר מיר נאָך אַ בריעף...

„נוט ... צו באַליעס׳ען?

„ניין, איצטער שוין פון איהם ...

„וואָ־אַ־אַס?

„אָ ס׳אַרא נאַרישע פרוי איך בין! ניט אַזוי האָב איך, פאַנע, געזאָגט, האָט קיין פאַראיבעל ניט! איצטער, זעהט איהר, דאַרף איך ניט פאַר מיר, נאָר פאַר אַ חבר׳טע ... כ׳מיין, ניט פאַר אַ חבר׳טע,

נאַר... פאַר איינעם אַ בעקאַנטען... אַליין קען ער ניט שרייבען...
און ער האָט אַ כלה, אָט אַזוי ווי איך ... טערעזאַ ... איז אָט אפשר
קען דער פאַן אנשרייבען אַ בריעף צו יענער טערעזאַ?

איך קוק אויף איהר — דיא צורה פערשעמט, דיא פינגער ציט־
טערן, משמעות זי קריכט און קען ניט ארויסקריכען — און ... הויב
אָן צו טרעפען, וואָס דאָ טהוט זיך.

„אָט וואָס, ליעבע פרוי", זאָג איך, „איהר האָט ניט קיין שום
באַליעסעס און קיין שום טערעזעס און איהר קלערט דאָס אַלץ אויס
פון אייער אייגענעם קאָפּ. און פון מיר וועט איהר קיין שום ביינ־
דעל ניט אָבלעקען און ווערען מיט אייך בעקענט וויל איך ניט...
איהר האָט פערשטאַנען?

מיט אַ מאָל האָט זי זיך עפּיס מאָדנע דערשראָקען, זיך פער־
לאָרען, זיך גענומען טאַפּטשען אויף איין אָרט און אַזוי לעבערליך
מאַכען מיט דיא ליפּען; זי האָט הפּנים געוועלט וואָס זאָגען, אָבער
דיא ווערטער זיינען געבליעבען שטעקען אין האַלז. איך וואַרט, וואָס
עס וועט ארויס פון דעם; און איך זעה און פיהל, אַז איך האָב, דאַכט
זיך, אַ ביסעל געהאַט אַ טעות, ווען איך האָב זי חושד געווען, דאָס
זיא וויל מיך אַראָבפיהרען פון דרך הישר. עס האָט אויסגעוויע־
זען, אַז דיא מעשה איז דאָ גאָר אַנדערס.

„פאַן סטודענט," האָט זי אָנגעפאַנגען, און ניט דעררייד‏ענדיג
האָט זי פּלוצלינג אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, זיך אומגעדרעהט
צו דער טהיר ווי אַ סאָלדאַט און איז אוועק. איך בין געבליעבען
מיט אַ פאַסקודנעם געפיהל אויפ'ן האַרצען; איך הער — דיא טהיר
האָט זיך ביי איהר צוגעקלאַפּט, מיט אַ טראַסק — דיא ווייבעל איז
משמעות שטאַרק אין כעס געוואָרען ... איך האָב זיך בערעכענט,
אַז איך וועל צו איהר אריינגעהן; כ'וועל זי אַ רוף טהאָן און אָנ־
שרייבען פאַר איהר אַלץ, וואָס זי דאַרף דאָרטען האָבען.

איך געה אריין צו איהר אין צימער — איך זעה, זי זיצט ביים
טיש, האָט זיך אָן איהם אָנגעשפּאַרט און דעם קאָפּ האַלט זי צו־
נויפגעקוועטשט מיט דיא הענד.

"הערט נאָר אויס," זאָג איך צו איהר.

אלע מאָל, ווען איך דערצייל דיא געשיכטע און קום אָט צו דעם אָרט, פיהל איך זיך עפּיס אזוי טשיקאַווע . . . אַ נארישקייט, מעהר גאָר ניט ! יע . . .

„הערט נאָר אויס,“ זאָג איך צו איהר.

זי טהוט אַ שפּרונג פון אָרט, קריכט אויף מיר, בלישצענדיג מיט דיא אויגען, לעגט מיר אַרויף ביידע הענד אויף דיא פּלייצעס און הויבט אָן צו שעפּצען . . . וואָס זאָג איך שעפּצען ? צו דונערן מיט איהר באַס . . .

„נו, וואָס איז ? נו ? אזוי ! ס׳איז ניטאָ קיין שום באַלעיס, ס׳איז ניטאָ. . . און טערעזאַ איז אויך ניטאָ ! און וואָס איז אייך פאר אַ דאגה ? אייך איז שווער צו פיהרען מיט דער פּען איבער פּאַ־פּיער, יע ? אוי, איהר מענש איינער ! און נאָך אזא . . . ווייסינקער ! קיינער איז ניטאָ, ניט קיין באַלעיס, און ניט קיין טערעזא, נאָר איך אליין בין דאָ ! נו, וואָס איז, נו ?

„זייט מוחל,“ זאָג איך. אַ פערטומעלטער פון אזא קבלת פּנים, „פון וואָס האַנדעלט זיך דאָ ? קיין באַלעיס איז ניטאָ ?

„יע, ניטאָ ! נו, וואָס איז ?.

„און קיין טערעזאַ — איז אויך ניטאָ ?

„און קיין טערעזאַ איז ניטאָ ! איך בין טערעזאַ !

איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן ! איך גלאָץ אויף איהר דיא אויגען און וויל טרעפען, ווער פון אונז ביידען האָט פערלאָרען דעם שכל ? און זי איז ווידער אַוועק צום טיש, האָט דאָרטין גענומען עפּיס זוכען, געהט צו צו מיר און זאָגט ברוגז׳דיג :

„אויב אייך איז שוין געווען אזוי שווער אָנצושרייבען באַלעיס׳ען, טיק אָט איז ער, אייער שרייבעכטס, נאַט אייך ! און איך וועל געפינען אנדערע, וואָס וועלען מיר אנשרייבען. . .

איך טהו אַ קוק — אין האַנד האלט איך דעם בריעף צו באַלעיס׳ען. טפו זאָל דאָס ווערען !

„הערט נאָר, טערעזאַ ! וואָס טהוט זיך דאָ ? צו וואָס דאַרפט איהר, אז אנדערע זאָלען אייך שרייבען, ווען איך האָב אייך אָט אָנגעשריעבען אַ בריעף, און איהר האָט איהם ניט אָבגעשיקט ?

„וואו ?

„אַט צו דעם דאזיגען... צו באַלעים'ען ?

„איך זאָג דאָך אייך, אז קיין שום-באַלעים איז ניטאָ!

איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן קיין איין וואָרט! דיא איינ־ציגע זאַך, וואָס איז געבליעבען צו טהאָן, איז געווען א שפיי טהאָן און אוועקגעהן. אָבער זי האָט מיר גענומען געבען צו פערשטעהן.

„נו, וואָס איז ?" האָט זי אָנגעפאנגען ברוגז'דיג. „ער איז ניטאָ, און געפּטר'ט!" און זי האָט ברייט אויסגעשטעלט די הענד, אזוי ווי זי וואָלט ניט פערשטאנען, פאר וואָס ער איז ניטאָ.

„און מיר ווילט זיך, ער זאָל יע זיין... איך בין דען ניט אזא מעניש ווי אלע ? געוויס, בין איך... איך וויים... אבער ווען מען קומט ארויס אַ רעה דערפון, וואָס איך שרייב צו איהם ?...

„זייט מוחל — צו וועמען ?

„צו באַלעים'ען, איך זאָג דאך אייך !

„אבער ער איז דאָך גאָר ניטאָ ?

„אַך, טאַטע זיסער! נו, וואָס איז, אז נימאָ, נו ? ניטאָ, און כלומרשט יע דאָ!... איך שרייב צו איהם, נו, איז קומט אויס, חי ער וואָלט יע געווען... און טערעזא — דאָס בין איך, און ער ענט־פערט מיר, און איך איהם ווידער...

איך האָב פערשטאנען... מיך האָט גענומען אזוי מאָרנע צופּען פאר'ן האַרצען, קאַלאַמוטנע איז מיר געוואָרען, און פונקט ווי איך וואָלט זיך פאר עפּיס פערשעמט. דערביי, דריי טריט פון מיר, לעבט אַ מעניש, וועלכער האָט אויף דער וועלט קיינעם ניט, וואָס זאָל אויף איהם אַ מאָל אַ קוק טהאָן מיט ליעבע, מיט אַ ווארעמען געפיהל, און אָט דער מעניש קלערט זיך אויס פון קאָפּ אַ פריינד!

„אט האָט איהר מיר אָנגעשריעבען אַ בריעף צו באַלעים'ען, און איך האָב איהם געגעבען אנאנדערן איבערלייענען, און ווען מען לייענט מיר דעם בריעף, הער איך זיך צו און מיין, אַז באַלעים איז יע דאָ! און איך בעט אָנשרייבען אַ בריעף פון באַלעים'ען צו טער־רעזא'ן... צו מיר, הייסט דאָס. ווען מען שרייבט מיר אָן אזא בריעף

און מען לייענט איהם, מיין איך שוין גאר אין גאנצען, אז באלעים איז דא ! און פון דאס איז מיר לייכטער דער לעבען...

יע... זאל דאס געהן אין אלל'דיא העללען !... גו, אט פון יענער צייט אן האב איך גענומען פינקטליך צוויי מאל אין וואך שרייבען בריוולעך: איינעם — צו באלעים'ן און א צווייטען—אן ענטפער פון באלעים'ען צו טערעזא'ן. גוט האב איך געשריעבען דיא ענטפערס. זיא פלעגט זיי הערען און יאמערן בשעת מעשה וויא א ביבער... מיט איהר באס. און דערפאר, וואס איך האב ביי איהר ארויסגע־רופען טרערען מיט בריוולעך צו איהר פון דעם אויסגעטראכטען באלעים'ען, פלעגט זיא מיר פערצירעווען דיא סקארפעטקעס און פערנעהען דיא לעבער אין דיא העמדער און אין אלע זיעבען זאכען... דערנאך, אין א חדשים דריי ארום נאך דער געשיכטע, האט מען זיא ארײנגעזעצט אין געפענגנים, איך וויים ניט פאר וואס. און יעצט איז זיא שוין זיכער אויף דער וועלט ניטא".

מיין בעקאנטער האט אראבגעטרייסעלט דיא אש פון זיין פאפי־ראס, פערטראכטערהייט א קוק געטהאן אויפ'ן הימעל און געענדיגט צו דערציילען:

„יע... וואס מעהר א מענש האט געגעסען דיא ביטערע קריי־טיכער, ווילט זיך איהם אלץ שטארקער צו פערזוכען דעם טעם פון זיסע זאכען. און מיר פערשטעהען דאס ניט; מיר זיינען פול מיט אונזער אלט־פריינקישער צניעת און קוקען איינער אויפ'ן צווייטען מיט אזעלכע אויגען, אזוי וויא יעדער איינציגער פון אונז וואלט טאקי אין דער אמת'ען געוועזען זיכער, אז ער איז א צדיק תמים...

דאס איז נאריש און... זעהר אכזריות'דיג. א גרויסע זאך, גע־פאלענע מענשען... און ווער, פרעג איך ביי דיר, זיינען זיי דאס, דיא געפאלענע מענשען? קודם כל — מענשען, דיא זעלביגע ביינער, דיא זעלביגע בלוט, דיא זעלביגע פלייש און דיא זעלביגע נערוועז, וואס מיר האבען. טאג איין, טאג אויס דערציילט מען דאס אונז שוין א היבש ביסעל דורות. און מיר הארכען און... צו אלל'דיא שווארץ יאהר, וואס קען נאך זיין נארישער? אדער מיר זיינען שוין אין גאנ־צען כויב געווארען פון דיא הילבעדיגע דרשות איבער מענשען־ליעבע?...

מיר אַליין, אין תוכן אַריין, זיינען דאָך אויך געפאַלענע, און, וויא איך פערשטעהה, זיינען מיר זעהר טיעף געפאַלען... געפאַלען אין דעם אָב־גרונד פון אַ גרויס־האַלטען זיך. מיר זיינען איבערציינגט, איך וויים ניט פאַר וואָס, אַז אונזערע נערוועןן און אונזער מארך פון קאָפּ זיי־נען בעסער פון דיא נערוועןן און דעם מאַרך פון דיא קליינע מענשע־לעך, וועלכע זיינען ניט אַזוי ביטרע וויא מיר זיינען, קענען זיך ערגער פון אונז פאַרשטעלען פאַר גוטינקע... מילא, וואָס איז דאָ וועגען דעם צו רעדען. דאָס איז אַזוי אַלט... אַז עס איז גאָר א חרפּה צו ריידען אַפילו... זעהר אַלט... יע!"



# א בוך, וואס לאזט ניט שלאפען.

---

איך בין ניט קיין חדר־אינגעל; איך האב אבגעלעבט ברוך השם פיערציג יאהר אויף דער וועלט, און דעם דרך החיים קען איך אויס־געבונדען, וויא מיינע אייגענע פינף פינגער. מיך דארף מען שוין אין חדר ניט פיהרען! איך האב א ווייב מיט קינדער, און בכדי זיי זאלען קאנען לעבען אהן זארג, האב איך געמוזט צוואנציג יאהר כסדר בויגען מיין רוקען אין דרייען; יע, דאס איז גאר ניט אזא לייכטע זאך, און אנגענעהם זיכער ניט. אבער יענע צייט איז פארביי. יעצט וויל איך אויסרוהען מיינע ביינער פון דער מאטערנים פון לעבען; אט דאס בעט איך אייך צו האלטען אין זינען, ר' קרוב!

ווען איך בין פריי פון דער ארבייט, האב איך האלט צו ליי־ענען. פאר דעם קולטור־מענש איז לייענען אי א נויטווענדיגקייט, אי א חיות. א בוך איז ביי מיר אויס דיא וועלט, און לייענען איז געווארען מיין ליעבסטע געוואהנהייט. אבער איך בין ניט וויא יענע פערדרעהטע קעפ, וועלכע שלינגען אריין איטליכעס בוך, גאר וויא א הונגעריגער א שטיקעל טרוקענעם ברויט, וועלכע זוכען אין איטלי־כען כתב א נייעם מתן תורה, א וועג־ווייזער.

איך וויים אליין, וויא אזוי מען דארף לעבען, איך וויים דאס זעהר גוט!

איך קלייב זיך אויס צו לייענען נור גוטע ביכער, איך מיין אזעלכענע, וואס פילען אן מיין הארץ מיט א גוטען מוטה. ווען דער שרייבער מאלט דיא ליכטיגע זייטען פון לעבען און פערשטעהט אויך דערביי פארצושטעלען אנגענעהם דיא שלעכטע זייט, דעמאלט געפעלט ער מיר; אויב דער געבראטענס איז ניט געראטען—ניט פרייט, צוגעברענט—דערפאר אבער איז דער סאס געשמאק. מיר, וועלכע האבען דעם גאנצען לעבען אבגעהארעוועט וויא אקסען אהן א רגע מנוחה, מיר ווילען, אז דאס בוך זאל אונז איינשלעפערן, וויא א זומער־ווינטעל, וויא דער זאנפטער גערויש פון בלעטער, וויא פוינעלגעזאנג. אט דאס וויל איך אייך זאגען, ר׳ קרוב! ... רוה, וואס קיין טייוועל זאל מיר ניט צושטערען, איז מיין הייליגעס רעכט, — און וואס׳ער חכם וועט מיר קומען זאגען, אז דאס איז ניט אמת?

מיט א קורצע צייט צוריק האב איך מיר געקויפט א בוך, איהר ווייסט, פון דיא ביכער, וואס טראגען דעם נאמען פון דיא היינטיגע פיעל־געריהמטע שרייבער.

אין אבענד האב איך פונאנדערגעשניטען דיא בלעטלעך און גענומען לייענען. איך מוז אייך זאגען, אז איך האב ניט א סך צוטרויען צו דיא יונגע „סימפאטהישע“ טאלענטען. איך ליעב טורגעניעוו׳ן; ער איז א זאנפטער, רוהיגער שרייבער; ווען מען לייענט זיינע ווערק, דוכט זיך אויס, וויא מען וואלט געטרונקען פעטע מילך, און עס קלערט זיך דערביי: דאס אלץ האט פאסירט איז מלך סאביעצקי׳ס יאהרען, וואס קאן דאס מיר אנגעהן? גאנטשאראוו׳ן האב איך אויך האלט: זיין שרייבען איז מחיה׳דיג סאלידנע, פריעדליך און איבערצייגענד.

איך האב בכן גענומען לייענען. טאטע זיסער, וואס איז דאס? דער לשון איז קארעקט, שיין, פליעסענד; דער אינהאלט — איך זאג אייך, ר׳ קרוב, אז מעהר אונפארטייאיש קאן גאר ניט זיין. בקיצור — אויסגעצייכענט! איך האב אבגעפטר׳ט איין ערצעהלונג, צוגעקלאפט דאס ביכעל און זיך א ביסעל פערטראכט. זיא האט אפילו איבערגעלאזען ביי מיר איין אומעט אין הארצען, אבער שפעטער איז דער

איינדרוק פערשוואונדען געוואָרען, און איך האב געקאָנט מאריך זיין מיין לייענען אָהן סכנות נפשות. איך האב דאָרטען ניט געפונען קיין גראָבע שטיק, צווײדײטיגע רעד, א וואונק אויף דיא רייכע קלאַסען, און אויך האט דער שרייבער זיך ניט בעמיהעט ארויסצושטעלען דיא ניעדריגע און נויט־לײדענדע מאַסען פאַר א מוסטער פון אַלע גוטע מעלות. איך לייען דורך אַ צווייטע ערצעהלונג, — אויף מיין עהרענ־וואָרט, בעסער קאָן גאָר ניט זיין! בראַוואָ!...

מען דערצעהלט אַ מעשה, דאס ווען א בינעזע ווארפט איין און־חן אויף זיינעם אַ גוטען ברודער און וואָלט איהם וועלען פער־סם׳ען, טראַקטירט ער איהם מיט אינגבער־קאָמפּאָט. דאס איז זעהר אַ געשמאַקע אבילה, וואס מען קען זיך דערמיט גאָר קיין מאָל זאט ניט אָנעסען; מען עסט עס אַזוי לאַנג, ביז וואַנען מען עסט זיך איבער און מען ציהט אויס דיא פיס...

אָט אַזאַ מין מעשה האָט משמעות פּאַסירט אויך מיט דעם ביכעל. איך האב עס דורכגעלייענט ביז דיא לעצטע שורה, שוין ליעגענדיג אין בעט, און ווען איך בין פאַרטיג געוואָרען, האב איך אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ און געוואָלט איינשלאָפען. איך האב זיך רוהיג אויסגעצויגען, אין שלאָפצימער איז געוואָרען פינסטער און שטיל.

פון העלער הויט האָב איך גענומען פיהלען עפּיס גאָר אײן אונגעוועהנליכע דרעהענים אין מח, אזוי וויא אָסיענדיגע פליעגען, איהר ווייסט, דער סאָרט פליעגען וואָס איהר קאָנט פון זיך בשום אופן ניט אָבטרייבען, וואָלטען מיך ארומגערינגעלט און אין דער שטיל גענומען זומען אזוי וויא זיי וואָלטען צו מיר ארויפגעקלעטערט אויף דער נאָז, אויף דיא אויערן, אויפ׳ן קינבאַק און וואָלטען מיך געקי־צעלט מיט זייערע פיסלעך.

איך האָב געעפענט דיא אויגען, אָבער איך האָב גאָר ניט געז־זעהן; מיין גוטער מוטה איז פון דעסטוועגען פון מיר אוועק; ניט ווילענדיג האָב איך געמוזט קלערען פון דעם איבערגעלייענטען ביכעל; פינסטערע געשטאַלטען האָבען זיך מיר אוועקגעשטעלט פאַר מיינע גייסטיגע אויגען — דאָס זיינען געווען העסליכע, שמוצע, בלייכע בע־

שעפעניסען, אָהן א פּיצעל בלוט אין פּנים; איך זעה, דאָס זייער לעבען איז מיזעראבעל און אָהן א שום האפנונג.

איך קאָן ניט איינשלאָפען.

אין קאָפּ קריכען ארום טרויעריגע געדאנקען; פון וואַנען האָבען זיי זיך גאָר גענומען נעהמען? איך האָב אָפּגעלעבט 40 יאָהר, 40! מיין מאָגען וויל שוין מעהר ניט פערדייהען דעם עסען, וויא עס געהער צו זיין. מיין פרוי זאָגט—המ—אז איך ליעב זיא שוין מעהר ניט מיט אזא פייער וויא פאר פינף יאָהרען. מיין זוהן איז איין אידיאָט, יע, א פּשוט'ער אידיאָט. ער לערנט זיך אבישייליך, ער איז פויל, געהט ארום פּוסט און פּאס און לייענט אַלערהאַנד שונד. עס איז א חידוש, פון וואנען עס נעהמען זיך גאָר אזעלכע שעדליכע ביכער! ביי מיין ווייב פאנגען זיך אָן צו בעוויזען אויפ'ן פּנים קנייטשען, זיא וויל אָבער נאָך אלץ, מען זאָל זיא האַלט האָבען. מיין דיענסט איז געוועזן, ווען מען זאָל זיא געגוי בעטראַכטען, דיא סאַמע נאַרישע, וואָס קאָן נאָר געבען, און מיין גאַנץ לעבען, מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר א צוועק האָט עס איינגענטליך?

אָבער גענוג צו פאנטאַזירען! איך עפען אויף דיא אויגען — רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אזוינס?

דאָס בוך שטעהט לעבען מיין בעט. דאָס איז א דינע, פערטריקענטע בעשעפעניס מיט לאַנגע פיס, וואָס האָבען ניט, דוכט זיך, אויף זיך קיין שטיקעל פלייש. דיא בעשעפעניס טהוט מיר סאַרקאַסטיש א וואונק און שעפּצעט מיט איהרע בלעטער:

„נו, וואס האָסטו אויפגעהערט צו קלערען?"

דער שאָטען האָט א לאַנגען פערטרויערטען פּנים, דיא אויגען זיינע בלישצען, גרויסע יסורים שפּיעגלען זיך אָב אין זיי, דער בליק פערקריכט טיעף אין דער נשמה אריין.

„איבערלעג זיך נאָר, טהו נאָר א ביסעל א טראַכט, צו וואס האָסטו איינענטליך אפּגעלעבט 40 יאהר? וואס האָכטו פאר דיא צייט אויפגעטהאָן, און וואס פאר א נוץ האָט געבראַכט דיין לעבען? קיין איינציגער נייער געדאנק איז ניט ארויסגעגאַנגען פון דיין

ניח. אין דיא גאנצע 40 יאהר האָסט ניט ארויסגערעדט קיין איינציג וואָרט, וואס זאל זיין שכל'דיג און זעלבסטשטענדיג. אין דיין ברוסט האָט זיך נאָך קיין מאָל ניט אויפגעוואכט א געזונדעס און שטאַר־קעס געפיהל. און ווען דו האָסט התונה געהאַט, האָסט גענומען דיין פרוי ניט אויס אמת'ער ליעבע, נאָר ווייל נאָך דיין חשבון איז אויס־געקומען, אַז גראָד דעמאָלט האָסט געדארפט האבען אין הויז א פרויענצימער פאר דיך און פאר דיין גוף. אַ האלבען לעבען האָסט זיך געלערנט און וואס איז געווען דיא פעולה? אין דער צווייטער העלפט לעבען האָסט פערגעסען דיא תורה, וואס דוא האָסט אויס־געלערנט אין דער ערשטער העלפט, און דיין איינציגע דאגה איז געווען — צו געניסען וואס מעהר פון דיא גוטע זאכען, וואס דאס לעבען גיט. דער צוועק פון דיין לעבען איז געווען צו האָבען פערג־ניגען און זיין זאַט. דו ביזט אַ טויגעניכטס, אָהן אַ שום אינהאַלט. און קיינער דארף דיך ניט האָבען און ווען דו שטארבסט אוועק, וועט קיין שפור פון דיר ניט פערבלייבען, וויא דו וואָלסט גאר קיין מאָל ניט געלעבט אויף דער וועלט!"

דאס פערפלוכטע בוך האָט זיך צו מיר אַלץ נעהענטער גע־רוקט, אָט ליעגט עס וויא אַ קאָשמאַר אויף מיין ברוסט און ווערגט מיך; זיינע בלעטלעך שעפּצען:

„עס זיינען פראַן אויף דער ערד צעהנדליגע טויזענדער, וועלכע לעבען אַזוי וויא דוא. יאָהר איין, יאָהר אויס, ליעגט איהר, וויא פרייסען אין קיך, אין אייערע ווארעמע לעבער, און אייער לעבען איז אָהן אַ טרייסט און אויסגעוועבט."

איך העד זיך צו מיט ביידע אויערן צו דיא רייד, און עס דאכט זיך מיר, אַז לאַנגע, קאַלטע פינגער צופּען מיך ביים האַרצען, איך פיהל זיך עלענד, אונרוהיג. אַ סך פריידען האָב איך טאַקי קיינמאָל ניט געזעהען אין לעבען. איך קוק אויף מיין לעבען בלויז וויא אויף אַ פפליכט, וואָס איז געווארען אַ פשוט'ע געוואָהנהייט. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך זיך איינגענטליך קיין מאָל ניט פערטראַכט ערנסט וועגען דעם (איך דאַרף זיך אין דעם מודה זיין), איך האב געלעבט

אהן אַ שום געדאַנק. פּלוצלינג שיקט אַן דער טייוועל אַט דאָס נאַ־
ריישע ביכעל, און בעפאַרבט מיין לעבען אין טרויעריגע, פינסטערע פאַרבען.

„מענשען ליידען, פערלאַנגען עפּיס, שטערבען צו עפּיס, און
דוא—דוא ביזט געווען אַ בעאַמטער, אַ טשינאָווניק. צו וואס? מיט
וואס פאַר אַ צוועק? וואס האָט דאס געהאַט פאַר אַ זין? האָט
דאס דיר אפּשר פערשאַפט פערגניגען? אָדער האָט דאס אימיצען
געבראַכט אַ נוץ? נאָך וואס האָסטו אייגענטליך געלעבט?"

דיא אַלע קשיות האָבען מיך בעלעסטיגט און געמאַרטערט.
איך האָב ניט געקאָנט איינשלאָפען. אַ מענש מוז דאָך אָבער שלאָפען:

דיא העלדען פון בוך האָבען אויף מיר אַרויסגעקוקט מיט שטאַ־
רע אויגען פון דיא בלעטלעך און כסדר געפרעגט:

„מיט וואס פאַר אַ צוועק האָסטו געלעבט אויף דער וועלט?"

„דאס איז ניט אייער דאגה," האָב איך זיי געוואָלט ענטפערן,
אבער קיין איין וואָרט האָט ניט געקאָנט אַרויסגעהען פון מיין מויל.
אין דיא אויערן האט ביי מיר געררויישט און געזשומזשעט. עס האָט זיך
מיר אויסגעדוכט, דאס דיא כוואַליעס פון ים האָבען אַ כאַפּ געטהאָן
מיין בעט, אַ שאָקעל געטהאָן, אויפגעהויבען אין דער לופטען און אַרויס־
געטראָגען אין דיא ווייטע וואַסערן אָהן ברעגעס. דיא זכרונות פון דער
פערגאַנגענע צייט פון מיין לעבען האָבען אין מיר אַרויסגערופען אַ מין
יז־קראַנקהייט. איך קאָן אייך שווערען, אַז אַזאַ שלעכטע נאַכט
האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט — ניט פריהער און ניט שפּעטער.

און איצטער פרעג איך אייך, ר' קרוב, וואס פאַר אַ נוץ קאָן,
צום ביישפּיעל, ברייגגען אַט אַזאַ מין ביכעל? עס שטערט בלויז
אונזער מנוחת הנפש, לאָזט אונז ניט שלאָפען. נאָך מיין שכל נאָך,
דאַרף אַ בוך שטאַרקען דיא ענערגיע! ווען עס שיט אונז אָבער נאָ־
דלען אין בעט אריין, קאָן עס אונז נאר שאַדען, און מעהר גאר
ניט! אַזעלכענע ביכער דאַרף מען פערבאָטען, פערניכטען, פערברע־
נען! וואס דאַרף אייגענטליך האבען דער מענש? פרייליכקייט—
אַט וואס; פאַרדרוס האט ער אָהן דעם אויך גענוג.

איהר וועט מיך פרעגען, וואס איז געווען דער סוף? דער סוף

איז געווען איין איינפאַכער. ווען איך בין אין דער פריה אויפגעשטאַ־
נען, ווילד וויא אַ טייוועל, רחמנא לצלן, האָב איך אַוועקגעטראָגען
דאס בוך צום בוכבינדער, און ער האָט עס איינגעבונדען אין אַ
פּאָאר שטאַרקע טאָוולען, יעצט שטעהט דאס בוך אויפ'ן אונטער־
שטען ברעט פון מיין שראַנק פאַר ביכער, און ווען איך בין אופגע־
לעגט, גיב איך איהם אַ שטויס מיט'ן פוס און טהו אַ פרעג:
„נו, ברודערקע, וואס האָסטו אויסגעפיהרט ?— הע־הע !״..



# א ליגען.

(פון דער ערציילונג „נאָך אַ מאָל וועגען טייוועל״).

---

איך האָב געהאַט א חבר — הלואי זאָל גאָט אויסלעשען זיין היציגע נשמה! מחמת נאָך וואָס דאַרף זיא ברענען דאָרטען, אין דיא קאַלטע און וויסטע מקומות פון ווייטען צפון, וואו ער איז אַוועק־געפאָהרען ניט מיט זיין אייגענעם ווילען?

גאָט, לעש אויס זיין נשמה! מחמת איהר פייער וועט דאָרטען גאָר ניט בעלייכטען חוץ אַ מדבר, דיא בערג שנעע אין דיא מדבריות וועלען ניט צוגעהן פון דעם פייער פון זיין נשמה, און דיא שוואַרצע וואָלקענס פון אומעט פון דעם עלענדען וועלען ניט פערשוואונדען ווערען, וויא אַ רויך ווערט פערשוואונדען פאַר'ן פייער.

איך האָב געהאַט א חבר... יונג איז ער געוועזען אין דער צייט, ווען ער איז פערלאָרען געגאַנגען. אַ מאָל איז ער געפאָהרען צו מיר צו גאַסט, אָבער ער האט צו שטאַרק ליעב געהאַט גלייכע וועגען, און איז דאַרום ניט פערפאָהרען צו מיר און גלייך אַוועקגעפאָהרען אהין, וואו ער געפינט זיך עד היום און פון וואַנען ער וועט זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען צוריק...

ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט אַן אַלטער מאַמען; זיא איז דעמאָלט אַלט געוועזען דריי און זעכציג יאָהר און דער טויט איז גע־שטאַנען ביי איהר הינטער'ן רוקען. איך האָב געוואַרט אויף מיין חבר. און אין דעם זעלבען טאָג האָב איך פון איין זייט געקראָגען צו וויסען,

אַז ער וועט שוין צו מיר ניט קומען, און פון דער אַנדערער זייט — אַ בריעף פון זיין מאַמען, וועלכע האט ביי מיר געפרעגט, אויב ער איז שוין געקומען, האָט מיך געבעטען צו היטען זיין נשמה און זיין גוף, איהר שרייבען — וויא אַזוי מיר פערברייננגען דיא צייט צו־זאַמען, וויא ער פיהלט זיך ביי מיר צו גאַסט...

איך האָב איבערגעלייענט דעם בריעף און זיך פאָרגעשטעלט איהר, דער מוטער'ס בילד, פונקט וויא איך האָב זיא געקענט — קראַנק, אַלט, צובראָכען, מיט גוטע, ווייכע אויגען, וואו עס האָט געברענט מעהר ניט, וויא ליעבע אָהן אַ מאָס צום זוהן... דער גאַנצער זין פון שוואַכען, קראַנקען לעבען איז געלעגען אין זאָרגען וועגען איהם, אין קלערען פון זיין גליק...

„דערציילען איהר דעם אמת?" האָב איך ביי זיך אַליין אַ פרעג געטהאָן...

עס איז פראַן אַ מין אמת, וואָס איז נויטיג פאַר'ן מענשען; דאס ברענט אויס פון זיין האַרצען דעם שמוץ און דיא געמיינהייט מיט'ן פלאַם פון בושה—לאַנג לעבען זאָל ער, אָט דער אמת!

און עס איז פראַן אַ מין אמת, וואס פאַלט ארויף וויא אַ שטיין דעם מענשען אויפ'ן קאָפּ און הרג'עט אַוועק אין איהם דיא לוסט צו לעבען — פערלאָרען זאָל דאס געהן, אָט דער אמת!...

אויב איך זאָל זאָגען דער מאַמען, אַז איהר זוהן איז פאַר איהר אויף אייביג נעלם געוואָרען, וועל איך זיא אין בעסטען פאַל מיט איין קלאַפּ אַוועקהרג'ען... און אויב זיא וועט ניט שטאַרבען פון דעם דאָזיגען געמיינעם און שרעקליכען אמת — וועט איהר לעבען פערליערען דעם זין און איהרע לעצטע טעג וועלען זיין פער'סם'ט מיט אַן אונערטרעגליכען וועהטאָג און מיט יסורים. וואָס קיינעם ברייגנען זיי קיין טובה ניט... אכט און צוואַנציג יאָהר, פול מיט מיה און פלאָנענים, האט זיא מיט אַלע כחות בעהיט דיא טעג פון איהר זוהן, און אָט דאָ, פאַר'ן טויט, האט מען ביי איהר צוגענומען איהר איינציגע טרייסט — דעם גליק צו וויסען, אַז איהר זוהן איז אויפגעוואַקסען, איז שטאַרק און אָהן דער מאַמען און אָהן איהר שטיצע איז ער בכח אָנצופיהרען מיט מוטה דעם לעבענס־

קאַמפּף און — זיא גלויבט אין דעם — ער וועט בלייבען דער זיעגער... און איך וועל קומען און איהר זאָגען — אז ער איז בעזיעגט...

ניין, איך וועל בעסער זאָגען א ליגע!

און דריי חדשים כסדר, ביז'ן טאָג פון איהר טויט, האָב איך איהר געשריעבען בריעף מיט איהר זוהן'ס האַנדשריפט און איטליכען בריעף אָנגעהויבען מיט דיא ווערטער:

„מיין ליעבע, גוטע מאַמינקע!

זיא האָט מיר געענטפערט אויף דיא בריעף מיט לאַנגע כתבים, וואו זיא האט בעוויעזען, וויא נויטיג עס איז צו טראָגען וואָלענע העמדלעך, און געשריעבען האָט זיא דאָס מיט א גרעסערען היין פון א ליוטער'ען, ווען יענער האט געפּרעדיגט זיינע רעפאָרמען אין דער קאַטוילישער אמונה. איך האָב איהר דערציילט מיט'ן מויל פון איהר זוהן, וויא גליקליך ער לעבט, וויא פריילי עס איז איהם; האָב בעשריעבען מיט אַלע פּיטשיווקעס, ס'אראַ מחושב ער איז צווישען מענשען, וויא גוט עס גיט זיך איהם איין אַלין, וואָס ער טהוט; האב אָנגענומען אָהן אַ וויעדערשפּרוך איהרע פאָרדערונגען, בין געווען צאַרט, ווייך, גליקליך.

מלא שמחה האָט זיא צו מיר געשריעבען:

„מיין גוטינקער אינגעלע! דוא ביסט נאָך קיין מאָל ניט געוועזען אזא ליעבער, אזא לאַסצענדער וויא איצטער, אין דיינע בריעף צו מיר. א דאַנק דיר, מיין טהייערער, דערפאַר, וואָס דוא מאַכסט רייך מיינע לעצטע טעג מיט דיא אוצרות פון דיין ריינעם האַרצען.“

איך האָב געמאַכט שטאַרקער דיא העלע פאַרבען פון מיין פאַנטאַזיע און האָב איהר געשריעבען, וויא גוט עס איז צו לעבען, ווען מען האָט אזא וואונדערליכע, הייליגע מאַמען; זיא האָט מיר געענטפערט — וויא גוט עס איז צו שטאַרבען, ווען מען האָט אַזאַ פיינעם גליקליכען זוהן... און זיא איז געשטאָרבען גלויבענדיג, אז איהר זוהן איז גליקליך... און ער איז אין דער זעלבינער צייט געזעסען אין תפסה, ערגיץ אויפ'ן וועג צום ווייטען צפון...



# דער שטורם-פויגעל *)

איבער דיא גרויע כוואַליעס פון ים קלייבט צונויף ד          דיא וואלקענס. צווישען דיא וואלקענס און דעם ים שוועבט אין דער לופט מיט שטאָלץ דער שטורם-פויגעל, און ער זעהט אויס וויא א שוואר־צער בליץ.

דא ריהרט ער זיך אָן מיט׳ן פליגעל אן דיא כוואַליע, דא הויבט ער זיך אויף וויא א פייל פון בויגען צו דיא וואלקענס און שרייט — און דיא וואלקענס הערען, וויא אין דעם מוטהיגען געשריי פון פויגעל קלינגט פרייד.

אין דעם געשריי — איז א דורסט נאָך א שטורם! אין דעם געשריי הערען דיא וואלקענס דיא מאַכט פון כעס, דיא פלאַמען פון ליעבשאַפט און דיא זיכערקייט אין זיעג.

דיא טשאַיקעס יאמערן פאר דעם שטורם — יאמערן, ווארפען זיך איבער׳ן ים און ווילען בעהאַלטען אויפ׳ן דעק זייער שרעק פאַ־׳ן שטורם.

און דיא נאַגאַרען יאָמערן אויך — זיי, דיא נאַגאַרען, האבען ניט דיא מעלה צו קוויקען זיך מיט׳ן קאַמפף פון לעבען; דער דונער פון געשלעג שרעקט זיי.

דער נאַרישער פינגווין בעהאַלט זיין פעטען גוף אין דיא פעלזען...
און נאָר דער שטאָלצער שטורם-פויגעל טראָגט זיך מוטהיג און פריי איבער׳ן ים, וואס איז גרוי פון שוים!

*) אין רוסיש „בוריעוועסטניק״. דער פויגעל בעווייזט זיך פאר אַ שטורם.

די וואלקענס ווערען אלץ שווארצער און לאָזען זיך אלץ ניע־דריגער ארונטער איבער'ן ים, און די כוואליעס זינגען און טאנצען, זיך רייסענדיג אין דער הויך, צום דונער.

דער דונער קראכט, אין דעם שוים פון כעס יאמערן די כוואליעס, קעמפפענדיג מיט'ן ווינד. אט האט דער ווינד שטארק ארומגעארעמט די רייהע כוואליעס און ער ווארפט זיי אין א וויל־דער בייזקייט מיט'ן גאנצען כח אויף די פעלזען, און גאנצע בערג פערל צושיטען זיך אין שטויב און שוים.

דער שטורם־פויגעל, וויא א שווארצער בליץ, טראגט זיך מיט א געשריי; וויא א פייל פון בויגען לעכערט ער דורך די וואלקענס; דעם שוים פון די כוואליעס רייסט ער ארונטער מיט'ן פליגעל.

אט טראגט ער זיך וויא א טייוועל,—דער שטאלצער, שוואר־צער טייוועל פון שטורם, — און לאכט, און יאמערט... פון די וואלקענס לאכט ער, פון פרייד יאמערט ער!

אין דעם כעס פון דונער,— ער, דער טייוועל, האט א גוטע אויער. — הערט ער שוין לאנג א מיעדקייט; ער איז זיכער, אז די וואלקענס וועלען די זון ניט פערבארגען — ניין, זיי וועלען זיא ניט פערבארגען!

דער ווינד יאמערט... דער דונער קראכט...

די וואלקענס פלאקערן איבער'ן אבגרונד פון ים אין בלויע פלאמען. דער ים כאפט די פיילען פון די בליצען און לעשט זיי אויס אין זיין טיעפען שוים. וויא פייערדיגע שלאנגען שפרינגען ארום אין ים די אבגעשיינטע בליצען.

— א שטורם! באלד ברעכט אויס א שטורם!

דאס איז דער מוטהיגער שטורם־פויגעל, וועלכער שוועבט מיט שטאלץ צווישען די בליצען איבער'ן ים, וואס ברומט מיט אזא כעס; דאס שרייט דער נביא פון זיעג:

— זאל דער שטורם זיין וואס שטארקער!

